דעם ליכטיקן אָנדענק פון מײַן

שוועסטער און שוואָגער

מ ל כּ ה און ח י י ם י אַ ר ז ש אָ מ ב ע ק

און זייערע זיבן קינדער

וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן

דורך די דײַטשישע מערדערס

## אָפענע אויגן

אויף פֿאַרמעט די תּפֿילות,
דאָס מאָנען און בעטן,
די נשמה און גלויבן
דעם הונגער צו זעטן.

ווער די אייביקייט טוט לויבן,
אויך אין מידבר אָן רעגן
פֿאַרהיט איז פֿון שטויבן.

אָפענע אויגן —
מעסטן און וועגן
און —
ווערן דערהויבן.

1982

## דער פּאַספּאָרט

אַ ליד
איז דעם דיכטערס פּאַספּאָרט:
זײַן פּנים.
זײַן וועלט.

אויך דאָס נישט־דערזאָגטע,
דאָס, וואָס בלײַבט נישט צעהעלט,
פּירט אויך צו אַ פּאָרט:
ס'איז נישט אַ כוואַליע וואָס האָט דעם ברעג פאַרפעלט.

זײַנע בליציקע געדאַנקען,
די אימאַזשן און מעטאַפאָרן —
זוניק זיי בלאַנקען
ווי געשליפענע קרישטאָלן:

אין מידבר־גלי, די שטויבעלעך —
אַ העמד פאַרן דאָרן.
פון האַרץ אַ טרער —
אַ מבול פון די אויגן.
דער רויך פון די קוימענס —
פרעגצייכנס צום הימל.
פון סעדער־ביימער —
אַ טעם אויפן גומען.
פון שוואַנגערפעלדער —
ניגונים פון זאַנגען.

אויב אַ פולער כּוס — אַ ליד
קוויקט יעדער טראָפּן —
איז דעם דיכטערס נאָמען
אַ הייסער אָדער אין מײַן האַרץ.

1981

## קלאָרקייט פון וואָרט

די קלאָרקייט פון וואָרט —
אַ צעבליצט ליכט.
ס'פאַרבאָרגענע געפינען,
פון האַרץ די פליכט.

אַ שפּיגל אָן אַ שאָטן,
אַ שנייוואָלקן אויפן הימל-וועג.
קלאָרקייט פון וואָרט — אָן אָטעם פון נאָטן,
פון רוים אַ ניגון, די כוואַליעס-ליפּן בײַם ברעג.

ס'קלאָרע וואָרט — פליגל אין דער הייך
פון אות-נאָך-אות.
ס'איז אויך אַ שליסל צום מוח
און ווײַן פונעם כּוס.

קלאָרקייט פון וואָרט — זוניקט אין ליד
מיט טעם אויפן גומען.
ס'איז פון שטויב פאַרהיט,
ווי אַ באַשטערנטער נאָמען.

## אָן אַ שיעור

כ'הער אַ קול
וואָס רעדט צו מיר:
— מאָן פון הארץ
אָן אַ שיעור.
וועג יעדעם וואָרט
וואָס טויג פאַר אַ ליד:
נעם פון בוים
דעם פרישן צווייט,
פון בלום דעם זאַפט
פאַר בינען זים,
און אויך דעם צווייט
נאָך קריעה־רים — — —

*

אין אַ תּפֿילה, ווי אונטער אַ טלית,
כ׳וועל זיך פֿאַרהילן —
געפֿינען דעם ניגון
מײַן אומרו צו שטילן.

כ׳וועל שפּורן פֿאַרבאָרגענע זוכן
פֿון דעם, וואָס געווען איז אַ מאָל
און אפֿשר געפֿינען דעם באַרג,
דאָרט ווו עס טיפֿט זיך אַ טאָל.

כ׳זוך אין דעם כּוח פֿון ליד
דאָס וואָס כ׳האָב נאָך נישט געשריבן,
דעם פֿונק, וואָס אין האַרץ בײַ מיר גליט
אײדער ער ווערט דאָרט צעריבן.

1983

# ליכטיקע טויערן

פֿאַר נאַכט,
אין שקיעה־פֿײַער, בײַם הימלראַנד,
אַ שיף אַנטרינט אין תּהום.

כוואַליעס שפּרינגען איבער כוואַליעס
מיט צאָרן און געלעכטער,
אײַנגעוויקלט אינעם ווינט־אָרקעסטער.

די מעוועס וואָס האָבן די שיף באַגלייט,
דערשראָקענע זיי קומען צום ברעג
פֿון דער צעפּלאָמטער ווײַט.

אַ ראָד פֿון פֿונקען
אָרום די כוואַליקע אָרעמס
האַלט אין זינקען.

אין זונפֿאַרגאַנג־שטראָם
הייבן אָן פֿאַרטונקלט צו ווערן
די אָדערן פֿון זוניק קרישטאָל.

געציילטע מינוטן עס דויערן
די לעצטע סימנים
פֿון די ליכטיקע טויערן.

1983

## כ׳בין נישט פרײַ

בײַם געבורט פון יעדן ליד
כ׳בין נישט פרײַ פון צווייפל און שרעק:
וועט דער ניגון וואָס אין האַרץ מיר גלעט
באַשטערענען מײַן ווײַטערדיקן וועג?

כ׳דערקען דעם גלי פון גאָלד
ווען כ׳זע אים אין דער זון.
נאָר אויב מײַן פען האָט אים געמאָלט,
הייבט מײַן נישט־זיכערקייט זיך אָן.

כ׳בלײַב צום שרײַבטיש צוגעשמידט,
צווישן די ווענט פון מײַן צימער געפאַנגען,
כ׳פיל ווי דער אומרו אין מיר זידט —
אַ כּוח פון פיבער האַלט מיך ווי אין צוואַנגען.

פעברואַר 1982

# אַ תפילה

שענק מיר די רו
וואָס איך גאַר צו געפינען —
ווייַז אָן מיר אַ וועג
צו אַ נייַעם באַגינען.

מייַנע פרילינגס די פאַרלוירענע,
צעבראָקלטע זייַלן,
באַשער מיר נייַ־געבוירענע
אויף די פאַרבליבענע מייַלן,

און באַגלייט זיי מיט קלאַנגען
פון מייַנע לידער צעטראָגן;
און ווו כ׳בין נישט דערגאַנגען
זאָל מייַן האַרצקלאַפּ דאָרט שלאָגן.

געפין מיר די רו וואָס נעסט אין אַ גלויבן,
אָ, בורא!
לאָז מיך בלייַבן אַ שטויבעלע
אויף דייַנע הימלשויבן.



ס׳איז די תּפילה פֿון מײַן האַרץ,
דער גלי פֿון די טרערן,
אויף פֿליגל צום באַשאַפֿער —
מײַן בקשה זאָל הערן:

וויפֿל דאָיִקייט מיר נאָך באַשערט
מײַן ניגון מע זאָל הערן,
ווען איך רו געפֿינען
ווען פֿאַרשטומט כ׳וועל ווערן.

## גרוסן

איך זוך און זוך.
און וואָס מיר דאַכט כ׳האָב געפונען —
ווי צעגליטער מידבר-זאַמד
אין פינגער-צאַפל ס׳ווערט צערונען.

מײַנע נעכטנס —
אַ משׂא אויף די פּלייצעס,
אַ פערד אין וואָגן
צווישן טאָפל-דישל אײַנגעקלעמט.

די מאָרגנס —
וואָס וועל איך אַנטקעגן טראָגן?
כאָטש פּרעג בײַ די פאַרכמורעטע פיר ווענט!

די שאָטנס,
אויף די וועגן ווו איך בין געגאַנגען,
וווּהין וועלן זיי אַנטרינען?
וועט אַ טאָג אַ נײַער,
אַ באַגינען,
פאַר מיר אַ תּיקון געפינען?

דער פולער כּוס חלומות
האָט מיך ווײַט פאַרטראָגן:
מײַן האַרץ איז אַ פידל
מיט אַ מיזמור-ניגון —
אויף סטרונעס פון נאָטן
פון ציטערנדיקע טעלעגראַפן-דראָטן.

דער האַרבסט אויפן גלעזערנער בײַ מײַן שוועל
אָטעמט מיט אַן ערב-ווינטער-מויל:

כ׳וויל נישט ס׳זאָלן פון מײַן האַרץ די פעדעם
ווערן אײַנגעפלאָנטערט אין זײַן קנויל —

ווײַל פונעם בוים וואָס האָט אָפּגעבליט
כ׳בין יינגער!
זײַנע בלעטלעך. וואָס דער ווינט האָט געריסן,
ברענגען גרוסן
פון גלויבן —
אַלץ נאָך
זאַפטיקע,
רײַפע,
פולע טרויבן.

## ס'שליסעלע געפונען

מײַן פרוי שפּאָסט פון מיר: דו זוכסט שוין ווידער דעם נעכטיקן טאָג?
כ'באַהאַלט פון איר דעם סוד: אויך דעם הײַנט כ'קאָן נישט געפינען.
די נעכטנס — איך זאָל זיי לייגן אויף דער שאָל און וואָג,
שוין לאַנג וואָלט איך אַראָפּ פון זינען — —

ווען איך זעטיק זיך נישט בײַם שרײַבטיש מיט רו,
בלײַב איך זיצן פון אומרו דערשלאָגן.
איך ווייס נישט צי אין האַרץ ערגעץ־וווּ
ליגן די פאַרבאָרגענע רייד וואָס אַ ליד דאַרף פאַרמאָגן.

די געפונענע ווערטער — זיי בינדן זיך נישט אין אַ קראַנץ,
זיי לאָזן זיך האַרמאָניש נישט פאַרבינדן.
אַ ליד וואָס פאַרלירט אויפן וועג דעם באַלאַנס
וועט אין הערצער קיין שטערן נישט צעצינדן.

מײַנע פּיס אויפן דיל, ווי אויף דינעם אײַז,
וואָס פונעם מינדסטן באַריר קען עס קראַכן.
כ'פיל, ווי ס'וואָלט מיך באַשלאָגן אַ שפּיזלדיקער שווייס
און די בילדער אויף די ווענט פון מיר לאַכן — —

און פּלוצלינג — בײַם גרייזשען דעם בלײַער מיט די ציין,
פאַרן טירעלע פון זכרון ס'שליסעלע כ'האָב געפונען.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
ווי פּילפּאַכיק וואָלט זיך צעשפּיגלט פון לעמפּל די שײַן,
ווען מיט אַ ליד כ'האָב באַגריסט דורך דער שויב דעם באַגינען.

## אין דמיון

אויפֿן הימל שווימט אַ שטיקל אויער
און אפשר אַ ברעקעלע גרעסער.
אַ נאַכט וואָלט מיך געהילט אין טרויער
אויב מ׳וואָלט פֿאַרשווערכט די לבנה מיט טויערן און שלעסער.

זשעדנע געסט זענען צו איר געקומען.
די מחותּנים — נישט זי האָט זיי פֿאַרבעטן.
אין דמיון, נישט איין מאָל, מיט איר כ׳בין געשוווּמען —
אַ שטערן־נאַכטיקייט נישט צו פֿאַרשפּעטן.

1979

## ווי לאַנג מיר איז נאָך באַשערט

ביז פּײַן איך קוק און גאַף
אויף גאָטס באַשאַף
און קען זיך ניט זעטן.
ווי די צעוויגטע גראָזן
און יעדעס בלעטעלע אויף צווײַגן
כ׳וויל אין זיך אײַנזאַפּן דאָס ווינטעלע —
זאָל עס מיך אויך גלעטן.

מיר גייט נאָך דער ריח פון שוויים,
וואָס געטריפט פון שטערנס האָט אויף דילן,
און געפאַלן איז אויף ניימאַשינען.
וויל איך איצט
דעם טוי אויף מײַנע ווִיעס פילן;
וויל איך איצט
די ריחות פילן
פון אַ ליכטיקן באַגינען.

אינעם בלאַנק פונעם אַקער
וואָס צעוועקט די ערד
מײַן פּנים וויל איך שפּיגלען.
מיט זון און מיט ערד
ווי לאַנג מיר איז נאָך באַשערט
וועל איך זיך מיט זיי פאַרזיגלען.

כ׳וויל זען די זון
אַ מידע פון גליִען
אויפן קאַרק
פון באַרג
זיך גרייטן רוען —
אויפן גראָז-געלעגער
געהילט אין שקיעה.

אַלע שיינקייטן פֿון די סעזאָנען
כ'וויל אײַנזאַפּן אין מײַנע אויגן.
און פֿון אַלץ וואָס וואַקסט און בליט
דעם נאָמען קענען,
מיט זיי — מײַן פּען אָנזייגן.

און אויב נאָכן רעגן
דעם הימל וועט באַצירן
אַ רעגנבויגן — זײַנע אַלערליי־קאָלירן
אין די אָדערן מיט גאָלדענע פֿאַרבן
פֿאַר לידער נײַע
זיי אַרבן.

טרינק איך דעם לויטערן בלענד,
וואָס אַזוי פֿיל יאָרן געווען פֿאַרשטעלט מיר.
אַזוי פֿיל נאָדלשטעך אין מײַנע הענט!
נאָר מיט די זילבערהאָר אַצינד
אויך דאָס לעבן מײַנס
צעהעלט מיר!

## הײַנט

איך בענטש הײַנט מײַנע שעהען —
„ווו די מירטן גרינען...״
אַלע שאָפּ־מענטשן זענען איצט מיר ווײַט.
כ׳היט נישט די ווײַזערס,
ווי אַ מאָל אין באַגינען —
מײַן האַרץ און דער גוף איז פֿון כּמעט באַפֿרײַט.

כ׳בין יאָרן געווען פֿאַרקאָוועט, פֿאַרקלעמט,
און די בענקשאַפֿט פֿלעגט גריזשען און נאָגן.
דער שאָפּ האָט דאָס ליד
געמאָנט — און פֿאַרפֿרעמדט,
די מאַשין האָט די מוזע דערשלאָגן.

כ׳לעב איצט מיטן ליד נאָר —
זײַן מאָנען, זײַן דריקן
און כ׳לאָז זיך פֿון אים
אי פֿאַרשטילן אי טרײַבן...
און נאָר אין ד ע ם געפֿין איך מײַן תּיקון —
ביַים שרײַבטיש, בײַם מעקן און שרײַבן.

כ׳האָב געוואַרט צו דערגיין אַהער —
צו די יאָרן
ווען כ׳וועל אויף מײַן „זינגער״
נישט דאַרפֿן מער שפּילן;
אויף דער רו, די שעהען די קלאָרע,
מײַן דורשט בײַ דעם טינטער
מיט לידער צו שטילן.

## די קלאַרקייט פון ליד

א

איך בין נישט גרייט צעברעכן
דעם נאַקן אויף שפּיציקע שטיינער,
אויף לידער האַרט־פּאַרדאַרטע,
ווי אַ טאַרבע טרוקענע ביינער.

לידער צו פיל פאַרשלייערט,
אַן דעם געשמאַקן מאַרך־טעם
באַהאַלטן אין אַ ביין —
זענען נישט פאַר מײַנע ציין.

איך פּרוביר זיי דעשיפרירן,
דאָס פאַרנעפּלטע אַנטפּלעקן;
איך זוך די קלאָרקייט —
אין אינהאַלט אַנטדעקן.

אַ ליד וואָס אין אים קלאָרקייט פעלט,
פעלט מיר דער אָטעם פון געבורט:
מיר דאַכט זיך אַז דעם דיכטערס וועלט
איז מיט דזשונגל־פלאַנטערניש געפּאָרט — — —

ב

מײַן ליד וואַקסט נישט אויף אַ בוים.
ס'פאַלט נישט פון הימל אַראָפּ:
איך זוך אין אים אַ לויז,
וואָס קומט נישט רײַטן אין גאַלאָפּ
נישט געקוקט אויף מײַן באַפליגלטן טרוים;
נישט דווקא מיט פעדעם זײַד
מוז מײַן ליד זײַן געקליידט.

נישט מיט שלעסער פֿאַרשלאָסן
און נישט ווי אַ טויער צעפּראַלט.
די קלאָרקייט פֿון מײַן ליד
מײַן אָטעם פֿאַרהאַלט,
אויב אַ צויבער שטראַלט
פֿון אותיות, פֿון ווערטער.
פֿון אַ שנירל שורות אָפּגעהיט —
געבוירן ווערט מײַן ליד.

ג

באַגינען:
אויף אַ וואָלקן, ווי אַ פֿעלדז,
גליטשט זיך דורך אַ פֿײַער־קלין.
פֿון קלין ווערט אַ רעדל
און פֿון רעדל — אַ גאָלדענער ראָד:
די זון קאָלערט זיך אַרויף —
גרייט צעוועקן אין שטאָט
די העכסטע טורעמס פֿון דער וועלט,
ווי זיי וואָלטן דעם וועג
פֿון די וואָלקנס פֿאַרשטעלט.

ד

די ביימער אויף די בערג
פּאַמעלעך שיילן זיך אַרויס
פֿונעם נידעריקן וואָלקנבלוי —
איבער גרינעם לאָנקע־שפּיגל
צעשימערט פֿון טוי
ווו דאָס גראָז יערט
און ס'קושט אַ וואַרעם ווינטל
דעם בליאַסק פֿון אָקעראַנײַזן
וואָס צעוועקט די ערד.

ה

פון מײַנע לידער,
װען נאָך נישט טרוקן איז דער טינט —
װי בײַ אַ װאָגשאָל
איך שטײ נישט בלינד:
װעלכן ליד איז טאָװלען באַשערט? —
פון באָבעס און זײדעס מיט גרױע בערד?
פון אונדזער שטיבל אין שטעטל
אָדער פון מײַן גאָרטן אין שטאָט,
פון בױם אײן בלעטל?
פון אַ לאַבן ברױט אַ באַדעקטן מיט קימל,
װי צעשאָטענע שטערן באַטעמען אַ הימל?
פון כװאַליעס װאָס טומלען אין געיעג
און באַגײען זעלבסטמאָרד בײַם ברעג?
פון הונגעריקע מעװעס װאָס באַגלײטן שיפן?
פון אױגן װאָס נישטערן אין די ימיקע טיפן?
פון גרענעצן פון שענדער געשענדט —
און פלעקן אױף מאַפּעס פון בלוטיקע הענט?
פון אַ לאַנד װאָס שטעלט דעם מאָרגן אין קאָן —
באַדעקט מיט בושה דעם קאָליר פון זײַן פאָן?
פון די קאָמפּיוטער־מוחות צו די װײַטע פּלאַנעטן?
פון זעלנער װאָס װעלן נישט שטאַרבן אין בעטן?
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זענען טײַער קלאָרע לידער
װי װאָרצלען אין מעכטיקע שטאַמען,
טײַער, װי חברים־ברידער,
װי דער אָנדענק פון מײַן מאַמען.

פעברואַר 1981

## אין אַ סוף־זומערטאָג

דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע רוזשאַנער ייִדן

**א**

דער ים איז הײַנט שטיל,
אָן אַ סימן פון צאָרן,
און נעכטן — זײַנע כוואַליעס געלאָדן מיט שרעק:
ווי שאַרקן געביסן
די פעלדזן וואָס שיצן
דעם הילפלאָזן ברעג.

אַ שפּראָצל אויף טאָג ערשט,
און איך — שוין אַ וואַכער,
אַ גרייטער בין שווימען דאָ אַליין
מיטן ערשטן בליאַסק
אין סוף־זומערשײַן.

**ב**

ווײַט פון דער העלער
פריש צעבראָנעוועטער פּליאַזשע
שווימט אַ שיף אַרײַן
אין בלויען באַגינען,
גליטשט זיך אויפן ים
ווי אַ צעפינקלטער באַרג שניי
וואָס ווערט נישט צערונען.

די קנוילן רויך פון די קוימענס
צעפּלאָשעטע אין פרעגצייכנס
בלײַבן איבער די מאַסטן הענגען.
אַ וואָלקנדל, ווי שיפאָן פאַר אַ חופּה־קלייד
אַנטלויפט —
פון קוימענס זײַן אָפּגעשיידט.

מעוועס קומען פון אַלע זײַטן
די שיף באַגלייטן.
ווי אַראָפּ פון זינען
יאָגן זיי זיך
אַ ברעקעלע פרישטיק
אינעם אַרויסגעוואָרפענעם אָפּפאַל
צו געפינען.

ג

די ווײַסע שיף פאַרשווינדט.
דאָס וואַסער איז לינד,
הימלבלויִק קלאָר,
ווי געשליפענער קרישטאָל.
איך טויך אַראָפּ אין וואַסער דעם קלאָרן
און דערפיל זיך
ווי כ'וואָלט פאַרלוירן די משׂא
פון מײַנע שאָפּ־יאָרן.

ד

ביַים ים איך בין מער נישט אַליין:
פון די קאַבינעס אויפן קאַרק
פון באַבוימערטן באַרג
האַלב־נאַקעטע
קומען מענטשן צו גיין.
עס פאָכען צו מיר צוויי הענט
ווי זיי וואָלטן אַ קרוב, אַ ליבן
פון דער ווײַט דערקענט.
איך ענטפער נישט,
כ'וועל זיך צום ברעג איצט נישט יאָגן

ווי אַ מאָל, אויף מײַן שטעטעלעס נאַרעוו־טײַך,
ווּהין ס'האָט אַצינד מײַן געדאַנק מיך פאַרטראָגן.
איך שווים
און מיר דאַכט זיך, איך לויף גאָר
אויפֿן שמאָלן בלאָטיקן געסל
צו אונדזער בידנער, הילצערנער כאַטע,
און הינטער מיר
סטאַשעק, מיטן מערדערישן פּנים ווי זײַן טאַטע,
האַלט מיך אין דריאָגן:
— פּשאַ־קרעוו — זשיד פּאַרכאַטי!

ח

אויף קנאָפּער ווי צען פינגער
קען איך יענע יאָרן מײַנע ציילן.
ס'פּנים פון שטעטעלע ר ו ז ש אַ ן
אין זכּרון כ'האָב פאַרהיט.
קינדער־יאָרן וויאַנען נישט —
זיי בלײַבן אין מענטש
און אין ליד...

נישט פאַרגעסן האָב איך
ווי דער טאַטע האָט מיך געלערנט
זיך האַלטן אויפֿן טײַך
מיט וואַסערטריט.
אין מיר נעסטן
מײַן מאַמעס צעשראָקענע אויגן
מיט טרערן פאַרשווּמען
ווען אויסגעצוואָגענע
פון טײַך מיר פלעגן קומען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳פאַרליר דעם תּענוג פון שווימען,
די ליכטיקייט
ווערט מיר פאַרטונקלט.
דעם הימלס בלויקייט — פאַראַשט.
די זון — פאַרבלענדט.
מײַן נאָך פאַרבליבן ביסל רו — פאַרקלעמט.
איך דערפיל זיך אין אַ פינצטערן עיגול.
די געזאַלצענע שפּריצן פון בענקשאַפט
אויף מײַן פּנים —
ווי צעקרישלטע ברעקלעך
פון אַ פאַרהאַנגענעם שפּיגל.

סוף־זומער 1979

## אָוונט

ווי אַ בכורל געבוירן
קוקט דער ערשטער שטערן דערשטוינט:
„מײַנע ברידערלעך האָבן דעם וועג פֿאַרלוירן
און מיך האָט גאָט געשווינט?"

נישט לאַנג אָבער איז געבליבן
דער ערשטער שטערן אויפֿן הימל אַליין:
די לבנה — די הימלשע כּלה —
האָט אַרויסגעשוועבט אין איר זילבערנעם שלייער,
ווי זי וואָלט צו דער חופּה גיין.



וואָלקנס, ווי פּאָלעס, וואָס זענען צעריסן.
מיט נאָדל און פינגערהוט גרייט כ׳בין פאַרנייען.
דעם ביטערן שאָפּ־טעם איך פיל איצט אַ זיסן —
ווען פרײַ כ׳בין, איך וויל נישט פון אים זיך באַפרײַען.

און אַט שוין: די וואָלקנס — אַ וווּנדערלעך העמד.
אַ, וויי מיר, נישט איך האָב דעם פאַסאָן פאַרטראַכט!
אַ שיינקייט אַזאַ, אַז דאָס האַרץ מיך פאַרקלעמט.
ווי אין תאווה — די אויגן איך פאַרמאַך.

מיי 1981

# דורותדיקער ווײַן

דאָס זאַפטיקע וואָרט —
דער דורותדיקער ווײַן
פאַר יעדן אָדער אין הארץ.
אַ טעם פונעם כּוס דעם פולן —
וואָרצלט טיף הײַנט אין מײַן געביין
און פון מײַנע טאָרבעס מיט נאַקעטע יאָרן,
דעם אומרו אין מיר
טוט עס שטילן.

פאַר די שעהען פון מײַנע טעג,
די זעקס אותיות פון וואָרט,
אַ פרילינגפעלד מיט טוי אָנגעזויגן,
מײַן מוט האָט דערהויבן,
און פאַרטרײַבט די שאָטנס פון מײַן וועג —
דאָס קדושה־וואָרט:
ג ל ו י ב ן.

*

עס האָט שוין געטראָפן
מער ווי איין מאָל:
פון אַ ריזיקן באַרג
איז געוואָרן אַ טאָל
און אויף פליגל אַ פונק —
פאַראַשט האָט אַ וואַלד.

דאָס איז דער כוח פון ליד
אין דמיון געשריבן:
פון אָנהויב קיין סוף —
פון הימלען זיבן.
און וואָס אויף פאַרמעט עס בליט
איז אויף אייביק פאַרבליבן.

1975

## ווער קאָן מעסטן?

פון אַ נישט-פאַרשלאָסן האַרץ,
דאָס נישט-דערזאָגטע —
ווער קאָן מעסטן די טיף?
אַ מאַנענדיקער בליק — ימיק:
די כוואַליע וואָס קושט די שיף,
זענען די ליפּן — סמיק?

דער ווינט וואָס שנײַדט
אַנטלויפט מיטן שניט?
ווער קאָן אים האַלטן
אונטער שלאָס-און-ריגל?
ער צעוויגט נישט נאָר ביימער אין וואַלד,
אויף די וואָלקנס ער שאַלט
און פורעמט פון דער לבנה —
אַ שטיקל אויער פון אַ קריגל.

בין איך נישט זעלטן גענאַרט
פון וועלן מעסטן די מאָסן:
מײַן האַרץ בלײַבט פאַרצערט
אין ווייטיק מיטן וויי פון לויתן...

## בײַם שרײַבן דאָס ליד

מיט אָפֿענע אויגן
כ׳זאָמל פֿאַרן ליד
דאָס טײַערסטע און ליבסטע
וואָס אין זכּרון פֿאַרהיט:
מײַן מאַמעס געשטאַלט
בײַם צינדן די ליכט;
די ציטערדיקע פֿינגער
וואָס האָבן אירע אויגן פֿאַרשטעלט:
נישט צו זען דורך די טרערן
דעם שבת, פֿאַרטונקלט פֿון הונגער.

כ׳בין יונג און פֿריש
בײַם שרײַבן דאָס ליד —
אַפֿילו בײַם שפּראַץ פֿון באַגינען,
ווען זוניקע פֿעדעם
ווי הערעלעך־דינן
וועבן זיך אַרײַן אין ניגון.
ווערטער, ווי זאָמען אין ערד,
בלײַבן נישט נוצלאָז ליגן —
אויך זיי איז בליִונג און שיינקייט באַשערט
און ווי אַ פֿעלד —
אַ פֿולזאַנגיק זיך וויגן.

*

אַדערן פון מײַן האַרץ,
אַרײַנגעוועבטע אין לידער —
וואָס איז זיי באַשערט?
כ'בין אַרײַן אין קאַראַהאָד
מיט אַ צעפליגלט געמיט:
כ'האָב געוואָלט צום באַרגשפּיץ פליִען
ווי מאַמע־ייִדיש
מײַן־ייִק האָט געבליט.

מאַמע־לשון, דער לויטערער קוואַל,
דער טעם פון ווײַן
שיידט זיך נישט פון מײַן גומען.
פון מײַן מאַמעס ליפּן
יעדעס וואָרט בײַם וויגל
בלאַנקט נאָך פאַר מײַנע אויגן
ווי צו מײַן שוועל שטראַלן געקומען.

נאָר זעקס מיליאָן מאָל
איז די זון פאַרטונקלט געוואָרן
און קיין מאָל וועט זי העלער נישט ווערן.
פונעם יאָמערטאָל
מײַן שוועסטערס קול —
וואָס גאָט האָט פאַרשוויגן —
ווי אַ דונער כ'טו הערן.

## גמאַלן אויף שויבן

איוועז

מײַן טײַערע און ליבע, זי פאַרשטייט מײַן געמיט.
ס׳שעפּטשען מײַנע ליפּן, פּאַסיקע ווערטער זיי קלײַבן.
זי שטייט בײַם געבורט: עס רײַפט זיך אַ ליד —
כ׳על פאַרהיטן דעם ניגון בײַם מעקן און שרײַבן.

פון טיש צו דער טיר, אויפן טעפּעך הין־און־צוריק,
מיד כ׳וואָלט געוואָרן דאָס שפּאַנען צו ציילן.
יעדעס ווינקעלע ווערט פול פון איר וואַרעמען בליק —
זי קאַרגט נישט, אין אַט דער שעה, זיי האַרציק מיר טיילן.

דעם בוך אין איר שויס, וואָס אים פריִער פאַרמאַכט,
זי עפנט צוריק, הייבט די בלעטער אָן מישן.
זי זוכט אפשר ס׳באַשריבענע פון אַ שטורעמנאַכט,
ווו סימנים פון שטענגן־וועגן דער שניי טוט פאַרווישן.

און לעבעדיק ווערן די קינדער אין ראַם אויף דער וואַנט,
זיי לויפן אַרויס. שוועבן אין אַ ראָד און איך — אין מיטן.
דערציילן מיר פון פראָסט: ווי זשאַר ער ברענט,
און ווײַסע בערן לויפן נאָך דער לבנה אין שליטן.

זיי לויפן צוריק. די ראַם מיטן ווינטער ווערט ווידער פול.
ס׳איז שטיל, אַ שטילקייט וואָס פילט מיך אָן מיט שרעק.
דער וואַנטזייגער האָט געקלונגען, נישט מער ווי איין מאָל,
און דער איינציקער קלאַנג, ווי פונעם חלום מיך וועקט.

---

וועל איך איר לייענען ס׳ליד וועגן שניי
וואָס פון פאַלן האָט פאַרגעסן דעם סוף,
ווי פון אונדזער דאַך זענען אַנטרונען די טויבן.
דער אָנהייב איז וועגן שטורעם — אַזאַ פּראָסטיקע שטראָף,
וואָס האָט אין אָרעמע היימען געמאָלן בלומען אויף שויבן.

## כ׳וועל נישט בײַטן

א ליכטיקע שורה פון א ליד,
וואָס צעפינקלט מײַן געמיט,
כ׳וועל נישט בײַטן
פאַר א וואָסערדיק בוך,
געשוואָלן פון זײַטן.

ניגונים פון געטאָקטע פערזן,
ווי פון פייגלשע כאָרן:
פאָר מײַנע אויגן געשטאַלטן,
פון די ווײַטסטע ספערן.

כ׳זע פאָר זיך וועגן —
פון שטערן צעקנאָטן
און טראָפּנס פון רעגן —
ווי פערל צעשאָטן.

1983

## אין אַן אוונטדיקער שעה

די שטערן זענען בלאָס שוין,
מײַן פענצטער איז אָפן.
כ׳בין בײַם שרײַבטיש נישט קיין מידער.
איך בין וואַך
מיט די נאָך־נישט־געשריבענע לידער.
די פאַרנעפּלטע יאָרן וואָס כ׳האָב
אויף מײַנע וועגן פאַרלוירן
פאַרעקשן איך זיך צו געפינען.
וואָס קלאָר ס׳איז הײַנט פאַר מײַנע אויגן —
אַפילו דורך שפּאַרעס פון טויערן,
פון מײַן זכּרון זאָל נישט אויסרינען.

מיט דער פען, ווי מיט אַ פּענדזל,
כ׳וועל מאָלן לאַנקעס —
צעגרינטע פּליושן;
פון אַקעראַײַזנס
דעם גלי און דעם בלאַנק
וואָס ערדישע ליפּן קושן;

דעם שימער אויף טויִקע גראָזן
און די נעסט מיט פייגל אויף מײַן בוים,
און דאָס ווינטל,
וואָס פּרוּווט די בלעטער צעבלאָזן;
דעם זונשטראַל־שפּיגל
אויף בלויקייט פון ים,
ווו כוואַליעס
אויף וואַסערטרעפּ זיך הוידען;

די וואָלקנס־קאַראַוואַנען,
ווי קעמלען אין מידבר,
וואָס נידערן צו די טאָלן;

בערג — הויכע און בתולהדיקע
אין רעגנבויגן־קאָלירן —
אויסטערלישע וועלטן;

אַ שקיעה ביַים הימלזוים
וואָס האַלט אין נישט־ווערן,
און אַ בלאַסע לבנה —
אַרומגערינגלט מיט שטערן.

1982

*

ס׳האָט אַ העלקייט מײַן טישלאָמפּ באַזוימט
מיט שטראַלן פון גילדענע קרוינען.
כ׳האָב געקוקט און געשטוינט
און אין דמיון געפילט —
עס וועט לוינען...

ס׳האָבן אויף בויגנס די שורות געשײַנט
און געוואָרעמט מיט פולקייט אַ ניגון—
דעם אומרו פון שפּעטנאַכטיקע שעהען
איז ליב מיר אַזוי צו פאַרוויגן.

ס׳איז אָפן געווען אין מיר אַלץ,
דער דמיון צעפּראַלט ווי אַ טויער.
געבענטשט כ׳האָב די שעהען פון נאַכט —
פרײַע פון אומרו און טרויער.

1982

## אַ חלום האָט מיך פֿאַרטראָגן

אָדערן פֿון מײַן האַרץ —
אונטער דאַך פֿון טאָוולען — לידער,
מיט יונגשאַפֿט דער גורל,
וויפֿל יאָרן זיי באַשערט?

ווי אַ ווינט כ׳בין אין קאַראַהאָד
מיט צעפֿליגלטע אָרעמס
צום הויכן באַרג
מיט שיטערע ביימער.

אויפֿן וועג מײַן ניגון —
וועט ער ווערן פֿאַריתומט,
אָדער ערגעץ ווו
אַ תיקון געפֿינען?

אַנטרונען וועל איך ווערן
בײַם הימלראַנד
אין שקיעה־פֿײַער
וואָס צעגליט מײַנע טרערן?

אַ חלום האָט מיך פֿאַרטראָגן
אויף אַ וואָלקנקאַרק
ווו די לבנה — אַ שופֿר
צעוועקט די שטערן.

און אַ קול איך הער
פֿון די ליכט בײַם עמוד,
ווו עס פֿעלט אַ דאַווענער
צום מנין.

## איך זוך אין שפּיגל

ביַים שטילן דעם הונגער
אויפן בויגן פּאַפּיר,
פון זייגער די שעהען
ווי מינוטן זיי דויערן;
אָן אומרו-קלעם
שיידט זיך נישט פון מיר —
אויך נאָטן אין אַ פערז
האָבן דעם ריטעם פאַרלוירן.

פון די ווערטער אין די שורות
כ'הער אַזאַ מאָנען אין מיר,
און מיט פיבער איך גאַר —
טוייִק זיי באַזונען:
איך זוך אין שפּיגל
דעם פאַרבאָרגענעם צעריר —
דעם ענטפער דעם קלאָרן
צום ליד געפינען.

צום וויַיטסטן ברעג
בין איך נאָך נישט דערשוווּמען
אויף מיַינע שורות
ווי אַ שיפל צעהוידעט:
די זוניקע פעדעם
פון הימלראָד קומען
מיט אַ ניגון אַ נייַעם
און ענדלאָזע סודות.

בעט איך ביַי גאָט
צו לעבן ביזן שטאַרבן
און צעגליט זאָל בלייַבן ס'פיַיער
אויך נאָכן טויט:

מײַן ליד זאָל פֿינקלען
מיט אַלקאָלירטע פֿאַרבן
און נישט װיסן זאָל דעם טעם
פֿון אַ צאָנקענדיקער קנויט.



מײַנע לידער נישט־דערשריבענע,
ניגונים פֿאַרטרערטע —
יתומים געבליבענע,
אין שעפֿער נישט דערנערטע —
וואַרטן און טרויערן,
דורך די נעכט בײַ מאַשינען.
זיי ווילן דויערן —
אַ תּיקון געפֿינען.

1961

## פון גאָלדענע זילבן

פונעם שפּראַך־ווירטואָז
די פולע מאָס
אין רינגען פון גאָלדענע זילבן
האַלט מיך געפאַנגען;

די שורות געשליפענע,
פון ווערטער — די מוזיק —
גלעקער אויף הימלען צעהאַנגען.

זײַן ניגון איז באַשערט
דור־דורותדיקער דויער
פון האַרץ — אַ פידל.

איז ער אַ פרילינגצווייט
אין יעדן זמן פון קאַלענדאַר.
און מיט שטראַלנגלי,
פאַרצווילינגט איז זײַן ליד
אין אָפענעם רחמים־שער.

## שטערן אין מײַן צימער

אויף מײַן ביכער־היכל
איך קוק הײַנט ווי אויף אַ שיפֿל —
אַ וויגל אויף די כוואַליעס
אין די צײַן פֿונעם ווינט.

נעמען אויף די רוקנס —
שטערן אין מײַן צימער.
זייער לשון אַ געשליפֿנס,
ליכטיק נאָך, ליכטיקט,
אַפֿילו ווען כ׳האָב שוין
דעם לאָמפּ פֿאַרלאָשן.

ליב איז מיר ניגון נאָך ניגון
וואָס אין שפּעטע שעהען
מײַן אומרו פֿאַרוויגן,
נאָר וואָך איז מײַן דמיון
און געטרײַ ער מיר דינט:

דײַן אוצר — די ספֿרים,
ד ו וועסט זיי היטן
ביז קומען וועט דער טאָג —
אַ, אַז ווײ און אַז ווינד...

1981

## בײַם לייענען אַ בוך לידער

כ׳בין פֿאַרליבט אינעם ניגון פֿון די כוואַליעס —
פֿלאַסטן אויפֿן ימיקן שפּיגל.
און פֿון זײַן דערציילן וועגן די מידע מעוועס,
וואָס רוען אויפֿן קאָפּ פֿונעם היגל.

אויך פֿון צעוויגטע צווײַגן דעם ניגון
גוט איז בײַם לייענען הערן.
ס׳ליד וועגן מאַמעס וואָס הונגעריקע קינדער פֿאַרוויגן,
מאַכט פֿול מײַנע אויגן מיט טרערן.

דערפֿרישט האָט מיך דאָס ליד פֿון די לאַנקעס,
געוועבטע פֿון גאָלדענע שטראַלן,
אויך דער הילכיקער אָטעם פֿון פֿליסיקע קושן
וואָס קומען פֿון די בערגס שטראָמיקע קוואַלן.

פֿון אַ ספֿר אַזאַ מיט נײַע ניגונים
פֿאַריתומט וועלן נישט ווערן אָפֿענע אויערן.
איז געוואָרן מײַן לאָמפּליכט אַ זוניקער באַגינען,
בײַם לייענען ס׳ליד פֿון צעפֿראַלטע טויערן.

פֿון צווישן די טאָוולען לויטערע קוואַלן,
ווער ווייסט פֿון אַזאַ בעכער נישט טרינקען?
איך הער פֿון די טענער דעם הייסן אָטעם שטראַלן,
און ס׳קלאָרן זיך אין די אויגן די שורות וואָס פֿינקלען.

איך מיש די בלעטער מיט צעפּיבערטע פֿינגער
און ווי צוגעשמידט איך בלײַב צו אַ ליד אויפֿן בויגן:
פֿאַרפֿעלט ס׳האָט נישט דער נאָך־יונגער זינגער
צו מאָלן אונדזער בראָך מיט צעפֿראַלטע אויגן:

„אין וואַרשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן"
און פול זענען די וועגן צו די אויוונס מיט פלאַמען.
— אויך זײַן האַרץ ס'האָט די נאַצישע חיה צעריסן
די ווונדן — פון די געטאָס זײַ שטאַמען.

בײַם איך די ליפּן פון צער און באַדויער
וואָס אויך גאָט פאַרפעלט האָט די פּײַנען צו הערן.
— נאָך אַ מאָל איך לייען דאָס ליד פונעם טרויער
אַ קדיש נאָך די זעקס פאַרלאָשענע שטערן.

1981

## נאָך אַ נאַכט בײַם ליד

אויף אַ פֿאַרשריבענעם בויגן —
אַן אַרײַנגעבעטענער שאָטן.
איך עפֿן פֿאַר אים די טיר.

אַ טעמפּע שורה איך פֿאַרמעק.
פֿאַר אַ צו הויכן טאָן — צאַרטע נאָטן
איך זוך אין מײַן פֿאַרמעג.

די זילבן — לידער־קערנער —
נאָך נישט פֿאַרזיווגט,
פֿאַר איך צווישן די שורה־בייטן
און מעסט זיי, און וועג זיי,
און היט זייער מאָס.

בײַם שרײַבטיש די שעהען אויף פֿליגל.
די פּען —
אַ דאָרן אין מײַן מאַרך.

פֿון אָפֿענעם פֿענצטער ס׳ווינטל —
אַ געליבטערס ליפּן.
כ׳האָב שעהען שפּאַצירט מיט די שטערן,
זיי האָבן די נאַכטיקייט מיטגענומען.

דער שאַריי קושט די געוואַשענע שויבן.
פֿון וויגל דער באַגין — אַ גאָלד־אַבאַזשור
פֿאַרבײַט מײַן טישלאָמפּ.

די זון שאַרט זיך אַרויס
פֿון אַ פֿוך־רויטער פּעלערינע
און וואַשט ס׳פּנים אין אַ שנייבאַרג.

איך פיל אַ זיסע מידקייט.
פֿאַר מײַן פֿרוי װעל איך לייענען
אַ ליד װעגן אַ האַרצפּידל.

5טן אויגוסט 1981

*

מײַן לאָמפּ
האָט יעדן ווינקל צעהעלט.
איז פֿון שאָטן אויף דער וואַנט
קײן סימן נישט געבליבן.
איבער מײַן שרײַבטיש
האָט די זון זיך צעשפּאַנט
און איך —
האָב אַ ליד איר געשריבן.

1982 טז יאַנואַר

# די וואָג

פאַר מאַרטין בירנבוים

איך הער זײַן קול איעדן טאָג.
זײַן נײַ־געבוירן ליד
האַלט מײַן אויער צוגעשמידט.

די שאַרפקייט פון זײַן בליק
צעלויכטן די בילדער
אינעם געהאַמערטן פערז;
אימאַזשן, שלימותדיקע פורעמס,
ריטמישע ניגונים,
קלאָרע ווי קרישטאָל,
שימערן אין שנירלעך נאָטן —
עדות פון שעפערישער גבורה.

איצטער — אין זײַן נײַער תקופה —
זײַנע נײַע פליגל ווײַט־צעשפרייט.
זײַן ליד איז אַ פולער כּוס
מיט אַ בליאַסקענדיקער טיף —
אָן צאַמען זענען איצטער זײַנע וועגן,
אָן גרענעצן און פּחד פאַר אַ ווײַט — — —

אין קעמערלעך פון זכּרון
פאַרנעסט איך זײַנע לידער
יעדן צעבליטן זאַג:
אין מײַן לידער־אוצר
אויף יאָרן און יאָרן,
איך האָף עס זאָלן בלײַבן,
בלײַבן זאָלן — מער ווי שפורן —
פון זײַן האַרץ די וואָג.

אפריל 1981

## נישטאָ קיין מאָס

פון דעם העכסטן באַרג
נעמען די מאָס —
דאָס קאָן מען.
נאָר ווער קאָן מעסטן
די טיף און די הייך
פון אַ געבענטשטן נאָמען?
אפשר נאָר אַ געטלעכע האַנט
קאָן מעסטן זײַן וועלט —
די הייך און די טיף,
דעם סוד פון זײַן טאַלאַנט — —

ווער קאָן מעסטן דעם פּלי
פון שאַגאַלס ייִדן מיט די לאַנגע בערד?
זיי שוועבן נישט בלויז איבער קוימענס פון דעכער.

אין חיים גראַדעס צמח אַטלאַס,
ווער קאָן מעסטן דעם צער פון זײַן קידוש-בעכער?

אין פּרצעס רינגען פון זײַן גאָלדענער קייט —
זיי האָבן באַנטשען צום כּסא-הכּבוד באַגלייט!

און ווער קאָן מעסטן
מאַנגערס נשמה-לידער?
זיי גרייכן די שטערן
זײַנע צעפּינקלטע ברידער.

און פאַר בינם העלערס „אין וואַרשעווער געטאָ"
צי פאַראַן איז אַ מאָס
פאַר דער גרויסקייט וואָס רעדט דאָ?

און פֿון לייוויקס
„אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען",
וואָס האָט מיט צוועלף מיליאָן אויגן אונדזער בראָך געזען.

און פֿון פּעפּערס „איך בין אַ ייִד" —
צי האָט זיך אין דעם אויסגעשריי
נישט אַרויסגעריסן דאָס, וואָס אין זײַן האַרץ
האָט יאָרן לאַנג געגליט?

איז פֿאַראַן ווו אַ מאָס
אין סוּצקעווערס געראַנגל אין „געהיימשטאָט"?
נישטאָ אַזאַ מאָס —
נישט בײַ מענטש און נישט בײַ גאָט — —

און פֿון ביאַליקס ביז הײַנטיקער שחיטה־שטאָט —
צי פֿאַראַן איז אַ מאָס
פֿאַר אונדזער מבול פֿון בלוט?

נישטאָ אַזאַ מאָס,
ווי קיין מאָס איז נישטאָ
פֿאַר דער געלער לאַטע
וואָס גליט אויף דער ברוסט
פֿון אונדזער הימלישן טאַטע.

יוני 1981

## אויף דער וואַך

די ווערטער וואָס האָבן
אין מײַן האַרץ געגליט
און זיי האָבן נישט דורכגעטראָגן
דעם פּלאַם אינעם ליד,
און ס'האָבן שאָטנס
אויף שורות זיך באַוויזן —
געוואָרן איז פונעם בויגן פּאַפּיר
אַ שטיין,
וואָס לאָזט רינגען אין אַ טײַך
בײַם זינקען.

*

דעם זייגערס האַרץ
באַגריסט דעם פרימאָרגן.
די ווײַזערס,
ווי פינגער צאַרטע,
מישן די פאַרשריבענע בויגנס
מיט ניגונים
פון שטערן צעשאָטן.

זײַ געבענטשט, ליבער גאַסט —
ליכטיקער שפּראַץ אויף מײַן שויב!
מײַן לאָמפּ ווערט פאַרבלאַסט
און דיר זינג איך אַ לויב.

# מיט אַ גאַסט פון תּל־אָבֿיבֿ

הירש אָשעראָוויטשן

דער ליאָרעם אויף גאַסן
דערמאָנט אין כוואַליעס
פון צעוויגטן ים.
איך שפּאַן נישט אַליין.
תּל־אָבֿיבֿ איז זײַן היים.
מיט פאַרחידושטע אויגן —
אַלץ וויל ער זען!

די געגנטן וואָס כ׳געדענק פון אַ מאָל
זכרונות צעוועקן —
זיי זענען פאַרדזשונגלט געוואָרן.
כאָטש נישט געווען דאָ אָן ערדציטערניש
וואָס קײַקלט אַ באַרג צו אַ טאָל,
נאָר פון יעדן ווינקל
די חושכדיקייט טוט שרעקן.

שורות הײַזער — מצבֿות
אויף אַ בית־עולם אָן קבֿרים.
די שויבן פון די פענצטער —
צעשאָסענע אויגן
פון גאַרנדיקע פּגרים —
ווער איז שולדיק אין דעם חורבן?

די הימלקראַצערס —
פאַר מידע וואָלקנס מאַטראַצן —
צו רוען אויף די דעכער בײַ נאַכט,
ווען מיליאָנען שויבן־אויגן
פינקלען אויפגעוואַכט.

דינע, צעבלישטשעטע שטראָמען
פליסן אויף די ברייטע ווענט:
פון צעלויכטענע פענצטער זיי קומען.
מיניענדיקע פינגער וועבן
אַ פּאָר־באַגינענדיק גאָלדן העמד.

מײַן גאַסט האָט געגאַפּט.
אינעם גלי פון זײַנע אויגן
כ׳האָב געזען די פרעגצייכנס,
נאָר די „סודות" פון ניו־יאָרק
נישט געקאָנט אים אַנטפּלעקן.

מיר האָבן „פאַרבלאָנדזשעט"
צו טײַמס־סקווער:
פון ניו־יאָרק —
דער אַמאָליקער פּאַוּע־עק.
געבליבן זענען די צעכוואַליעטע רעקלאַמעס —
וואַסערפאַל־שטראָמען
שווימען אין נעאָנליכט.
און דאָס שמאָלע גערטנדל
מיט אײַזערנע שטאַכעטן —
אַ קלין צווישן צוויי וועגן.

קולות פון ראַדיאָ און פּלאַטן,
ראָק־ענד־ראָל־בראַזג פון טרומייטן.
די הייזעריקע דזשעזערײַ
פון שפּילערס און זינגערס —
אין ווילדע קאָנוווּלסיעס.

ס׳פעלן נישט קיין קראָמען מיט גאָלדענעם בליאַסק,
נאָר זיי פאַרדעקן נישט דעם פּרצוף פון גאַסן:

וויטרינעס — פּאָרנאָגראַפיע־בינשטאָקן
און נײַגעריקע טוריסטן
גייען ווי אויף אײַז אויף דינעם.

נישט לײַכט איז צו מײַדן יענע,
וואָס רויכערן סם.
זיי וואַקלען זיך —
צעזשאַווערטע ספּרוזשינעס.

אינעם גרילצנדיקן טומל,
אויף שריט און טריט,
מיר האָבן די קעשענעס געהיט
און פאַר אַ בלאַנק פון אַ מעסער.
אויב דאָ איז דער לעצטער האַפן,
זענען די תּושבֿים — זייערע שיפן געזונקענע.

נאָר ס'האָט זײַן קלוגער בליק
גרינגער געמאַכט מײַן געמיט.
איך ווייס:
פון גיהנום, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן,
איז דער דאָ — אַ קינדערשפּיל.
געוועזן איז ער דאָרט ווי אין קייטן געשמידט
פאַר זײַן אַ ייִד,
פאַר זײַן ייִדיש ליד.

נאָר זײַן קאָפּ האָט געמיטן
דעם הענקערס האַק.
נאָך יאָרן וואָגלען אַ מידער
ייִנגער איז ער געוואָרן
אין דער זוניקער היים — תּל־אָבֿיבֿ,
אין זײַנע נײַע לידער, פרײַע.

מיר זענען שטיין געבליבן
נאָך אַ לאַנגן שפּאַציר.
ער האָט דעם קאָפּ פאַרריסן
און געפינט נישט קיין אָרט פאַר די הענט:
צווישן די שורות קאַסטנס-ווענט,
די סטעזשקעס פון הימל אָן שטערן...
— און ווו איז די לבנה?!

קוקן מיר אויף די „קאַסטנס" די נײַע
און שווײַגן —
ווי ס'שווײַגן די קאַלטע,
די נאַכטיקע ווענט.

## נישט מײַן טבע

בײַם שרײַבן און מעקן
איך זע דעם אָנהייב
און די סימנים פון סוף.
מיט דער פּען צווישן די פינגער
כ׳זע דעם קלעזמער
און דעם זינגער,
ווי זיי וואַלטן הינטער מײַנע פּלייצעס געשטאַנען.
כ׳בין גרייט זיי צו דערמאַנען:
אויב ס׳קומט מיר אַ שטראָף
וואָס די גליִענדיקע פונקען
כ׳צעבלאָז נישט אין פלאַמען. —

שומרים, געטרײַע,
זײַט געדולדיק!
ס׳איז נישט מײַן טבע,
דעם חוב צום ליד
בלײַבן אַ מאָל שולדיק.

יאַנואַר 1978

## כ׳ווער נישט מיד

וואָס מײַן פּען וועט דערציילן,
נישט פאַרשאַטענען זאָל מײַן נאָמען:
לידער קאָנען ווונדן פאַרהיילן.
אויב זיי טעמען אויפן גומען.

פאַרבײַט איך אַ גרילץ פון אַ זעג
מיט אַ ניגון פון טויבן־פליגל;
איך ווער נישט מיד פון זוכן דעם וועג —
נישט צו דאַרפן מײַדן דעם שפּיגל...

## הינטער שלאָס און ריגל

אַ סך זונען זענען שוין פאַרגאַנגען —
און פאַר יעדן זונפאַרגאַנג בלײַב איך שטיין פאַרגאַפט.
ס'יאָגן זיך די וואָלקנס, ווילן ווערן אין שקיעה געפאַנגען,
נישט צו דאַרפן אָנקוקן די געבווירענע נאַכט.

צעגליטע פעדעם פאַרפעדעמען די סודות־פאַלדן,
וואָס הענגען ווי שורות טרעף אויף פליגל — —
גאָט באַוויַיזט זיך אין מיליאָנען געשטאַלטן,
בײַם פאַרשפאַרן די זון הינטער שלאָס און ריגל.

## צום ערשטן מאָל

אַ נס —
דער בלײַענער הימל
ווערט נישט צעשמאָלצן!
כ׳זע אַזאַ הימל
צום ערשטן מאָל.

מײַן צעגליט פּנים
פֿונעם שטויבווינט —
ווי אויף פֿליגל,
טראָגט מיך קיין חושך־מצרים,
ווו מײַנע אור־אור־זיידעס
קנעטן די ציגל
מיט צאָרן
פֿון פֿאַרקנעכטע יאָרן.

איך בלאָנדזשע,
כאָטש כ׳ווייס מײַן חברס אַדרעס.
איך זוך די גאַס,
נאָר יעדער שפּאַן
ווי אַרום מיר וואָלט געברענט.
די לופֿט — אַ פֿלאַם,
אַ נאַסע פֿעל — מײַן העמד.

תּל־אָבֿיבֿ, יוני 1980

## פון נעכטן און הײַנט

**א**

כ׳וועל דיר שרײַבן אַ ליד
וועגן מײַנע פלינקע פינגער
בײַ אַ באַרימטער מאַשין וואָס רופט זיך — „זינגער״;
אַ רימען אויפן רעדל און אַ מאָטאָר אַ צעגליטן,
פון טראַכאָמענע לעמפּלעך
וואָס האָבן די אויגן געשניטן.
פון סעזאָנען — פּלאָגן פון „סלעק״ —
אויף פּלייצעס גרויע. צעלעכערטע זעק.

יאָרן, יאָרן קאַשמאַרן אונטער שטויבן,
וואָס האָט אין שעפּער געקענט דאָן דערהויבן?
כ׳האָב געוואַרט אויף אַ טאָג דאָרט,
אויף אַ לויטערן מאָרגן —
ווי מיט אַ חלף צווישן ציין
און שווייס ביז טיף אין געביין.

פון שאַפּזײַגער די ווײַזערס —
אַ נאַקעטע שווערד,
און ווער האָט מײַן ניגון אין רויש דאָרט
דערהערט?

**ב**

אַ ליד כ׳וועל דיר לייענען
וואָס האָט נאָך נישט קיין נאָמען.
ס׳איז פון די טיפסטע טיפענישן
צו מײַנע ליפּן דערקומען:
פון אותיות — זילבן,
פון זילבן — ווערטער,
פון ווערטער — שורות
אויף פּאַפּיר אַ בויגן —
ברידערלעך־היימיש,

ווי שורה ביַי שורה
פֿאַרהייליקט אין שמות — —

ג

אָן ווערטער, כּמעט, כ׳וועל דיר לייענען אַ ליד —
פֿון אַ קינדערשן שמייכל
ווער-ווייסט-ווו פֿאַרבליט,
אַ ליד —
אין דער שפּראַך
פֿון צעוועקטע טויבן —
אַ ליד אָן אַ נאָמען —
אַ ליד
פֿון אַ חורבה מיט בלינדע שויבן.

אויגוסט 1981

## אַש אויף דער זון

די נומערן אויף איר אָרעם —
נעגל פון דער חיה.

זי זיצט בײַ מײַן טיש
און איר נשמה — דאָרט...

פון אירע רייד דער אָטעם —
פונקען פון די קוימענס.

פון די אויוונס די פלאַמען
צעשפּאַלטן שטיינער

און גאָט —
ווי אַן אויגן און אַן אויערן — —

פון אירע נאָענטסטע און טײַערסטע —
אַש אויף דער זון

און די לבנה — אַ סערפּ —
מיד פון שעכטן.

אַ שעה פון אַ טאָג —
אַ באַרג אויפן קאָפּ.

פון געטאָ די ווײַזערס,
קרײַזן אין בלוט.

איר געוויין אַן טרערן —
אַ מבול פון הארץ.

נאַר דער עקשנותדיקער בטחון —
באַזיגט דעם מלאך־המוות.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳הער און שווייַג:
איך זוך ווערטער־באַנדאַזשן!

זי האָט טענות צו איר רעטער —
דעם נס...

אפריל 1981

## ער וואַכט אויף

אין שפּעטע נאַכט־שעהען דער טרוימער שפּאַצירט,
ציילנדיק אויפן הימל די שטערן.
ער ציילט און ציילט,
נאָענטער ווערט אים די וויַיט,
און פון חשבון יעדער ציפער
דערהייבט זיַין געמיט —
אַ פרייד ביז טרערן.

דער פאַרחלומטער ייִד
אין דער לבנה איז פאַרליבט,
אינעם זילבער־גלאַנץ פון ספערן.
ער זינגט איר אַ ליד
וואָס געזונגען האָט זיַין מאַמע ביַים וויג —
אַ ניגון אַזאַ
וואָס צעפינקלט די שטערן.

אויף אַ שטיל געסל איז ער שטיין געבליבן
ביַים בוים, מיט אַ פייגלכאָר,
ווו פון די צוויַיגן ניגונים רינען.
איבערן בוים, דער שמאָלער וואָלקן, —
ווי דער נאַרעוו־טיַיך גאַרטלט זיַין שטעטל,
אַ שטיבל מיט צוויי ציגן אויפן דעכל
ער זעט שווימען.
דורכן פענצטערל, ביַי די שבת־ליכט,
ווי דער הימל קלאָר —
פאָר זיַינע אויגן דער מאַמעס געזיכט.

נאָר פוסט איז דאָס שטיבל.
ניעדזשעלסקי דער קיַילער
האָט מיט האַס און שינאה

די שמאָלע געסלעך צעגליט,
זײַן וואָלפּישער הונט בילט,
ווי אראָפּ פון זינען.
פון די ייִדישע שכנים
איז נישטאָ קיין שפּור, קיין סימן.
זײַן זיסער חלום ווערט פול מיט שרעק...
און
ער וואַכט אויף מיטן בליאַסק פון קאַיאַר.

1982

*

איך וועל מער נישט פרעגן:
גאָט איז שוין מיד צו הערן
די טענות,
צו זען די שטראָמען טרערן.
ער האָט געשוויגן
ווען פון זײַן גלויביקן פאַרמעג,
אפילו קיין קברים זענען נישט געבליבן,
און דעם חשבון —
די קומענס האָבן פאַרשריבן.

## כ׳האָב געהערט איר קול

כ׳האָב געהערט איר קול
דורכן טעלעפאָן —
אין אַ וואָלקן פאַרקראָכן איז די זון.
וואָס יאָרן געווען איז פאַרהוילן,
איז פּלוצלינג געוואָרן אַנטבלויזט.

אַ וואָרט —
אַ פײַל פון אַ בייזער צונג,
איז שאַרפער פון אַ מעסער
אין דער האַנט פונעם שינדער.

נאָר —
צעריסענע קייטן
באַפרײַען נישט תּמיד פון צו זײַן געשמידט;
מײַן אָטעם —
ווי אין האַרץ אַ שניט...

אָט זע איך אַ שאָטן
אויף דער וואַנט פון מײַן צימער.
אין וועמען איז ער געראָטן?
אינעם שווײַגער?

אין אַ שעה אַזאַ,
ווי אַן ענדלאָזער טאָג
אַן אַ רגע רו
בלאָנדזשעט מײַן גורל
ערגעץ ווו.

5טן אָקטאָבער 1981

## קיין מאָל

נישטאָ
און עס וועט קיין מאָל נישט זײַן
אַזאַ ווינט אַ בייזער,
אַ שטורעם,
אַ וויוגע,
וואָס זאָל אַ כּוח פֿאַרמאָגן
צו פֿאַרלעשן די יאָרצײַטליכט
וואָס גליִען אין די אָדערן פֿון מײַן האַרץ
מיט שׂינאה און האַס
צו די צווייפיסיקע שלאַנגען
וואָס האָבן פֿון מײַן שוועסטערס ביינער
און פֿון די ביינדלעך פֿון אירע קינדער
געמאַכט זייף.

## נאָך שבעה

אין שוין אָפּגעדעקטן שפּיגל —
איר פּנים — פרעמד.
ס'יאָרצײַט־ליכטל,
אינעם קעסטעלע זאַמד —
צאַנקט די נשמה אויס.
אין הויז איז שטיל.
אין די זאָקן אירע פיס,
ווי זשאַר דער דיל.
זי שאַרט זיך צו דער וואַנט.
איר זונס בילד אין אַ שוואַרצער ראַם.
זי קוקט אויף אים,
ווי געזען אים צום ערשטן מאָל
אינעם זעלנערשן מונדיר.
זי הערט זײַן קול,
פון הינטערן גלאָז.
שטיל.
זײַן שווײַגן
מאָנט בײַ איר —
וואָס?!

1972

## אייביקע רו

סוף —
אייביקער שלאָף,
שטילקייט ריזלט
פון יעדן רידל ערד —
פון אַלץ וואָס שטאַרבט
אַט־דאָס וואָס עס ווערט.
יעדער טראָט אַהער —
אַ מײַל די לענג.
דאָ, בײַ מײַן מאַמעס
אייביקער נאַכט.
כ'שטיי מיט מײַן הארץ דאָ —
אַן אייביקע וואַך
און ס'רעדט יעדעס גרעזל
צו מיר מיט איר שפּראַך:
„חיים, מײַן זון,
כ'וויל זאָלסט פאַרשטיין,
אַז דער טויט איז איינס מיטן לעבן
און אַז קיינער שטאַרבט נישט אַליין".

1976

## אין מײַן געביין

גורל מײַנער —
ווארגנדיקער אומרו.
וועל איך געפינען פאַר דיר אַ תּיקון
ערגעץ וווּ?

און אַלע שעהען פון מײַנע מעת-לעתן
איז מײַן גוף ווי אין פלאַמען.
כ׳טראָג זיך אויף מײַנע וועגן
אַ באַלאַדענער מיט צער —
ווונדן פון זשאַר
וואָס וועלן זיך קיין מאָל נישט פאַרהײלן.

צוועלף מיליאָן אויגן
זענען מיר פאַרלאָשן געוואָרן.
איך שפּאַן אויף דער ערד —
פון תּכריכים און פון אַש.
נישט עס שיידט זיך פון מײַן זכּרון
דער קאָשמאַריקער ציפער
און דער אומרו אין מײַן געביין
ווערט טיף און טיפער.

1982

## ווער וועט בלייַבן?

נאַקעט איז דער סוד:
אָפענע אויגן
ווער עס פאַרמאָגט
זעט קלאָר
וואָס מע גרייט אָצינד.

איך פאַרגעס נישט די שלאַכטן,
נאַרמאַנדיע-פייַער.
אינעם העלישן פלאַם
געווען בין איך געבענטשט
— מייַן גוף זאָל דאָרט נישט בלייַבן
אונדז, זעלנער,
אויף יעדן שפּאַן
באַגלייט האָט דער מלאך-המוות
— און פאַר באַזיגן דעם שׂונא
געצאָלט האָבן מיר טייַער.

— מ׳זאָגט: „געשיכטע חזרט זיך איבער"
צי וועט צו דעם וואַנזין
אַ מאָל נעמען אַ סוף?

ס׳איז די זון
— פון שווערע וואָלקנס פאַרשטעלט
צי וועלן מיר
איר אויסלעש פאַרמייַדן?
צי וועט פון אַלץ
וואָס לעבט אויף דער וועלט
נאָר איר אַש פאַרבלייַבן?

1983

## ווער וועט קדיש זאָגן?

די נאַכטיקע זון,
די בלאָנדע כּלה און אַ חתן,
אונטער אַ חופּה פון שטערן —
וואָס איז באַשערט?

די ווײַזערס זאָגן אָן
אַז פון אַטאָם-שײַטערס
אויך פון די רוימען —
האָלעוועשקעס קאָנען ווערן.

צעווייקט איז פון בלוט
די געפּאַלמעסטע מאַפּע
און פאַרטונקלט איז די זון
פון לענדער אונטער קנוט.

די רויטע פאַרדאַרבערס מאַסקירן מיט טויבן-פליגל
זייערע פאַרבלוטיקטע קינזשאַלן.
זיי קאָוען אין זשאַווערדיקע קייטן,
און זאָגן: — ס'איז באַנדאַזשן.

אויב צום ווײַטסטן פּלאַנעט
וועט זייער טעכניק זיך דערטראָגן —
נאָכן אַש פון דער לבנה
ווער וועט קדיש זאָגן?

## פאַר וואָס?

ס'האָט שׂרהלע געפרעגט איר פעטער:
— פאַר וואָס האָסטו די שוואַרצע נומערן אויף דײַן האַנט?
האָבן פון זײַנע אויגן גענומען רינען טרערן
און מען האָט אים קוים געקאָנט הערן.

האָבן איר מאַמעס ציטערדיקע פינגער
געגליט אויף אירע באַקן.
זי האָט געקוקט אויף איר ברודער
און אויך אירע אויגן האָבן גענומען שווימען אין טרערן.
מיט די פינגער האָט זי געקעמט שׂרהלעס קופּער־רויטע האָר
און גערעדט מיט אַן אָטעם אַ שווערן:
— אַ, גאָטעניו!
ווי זאָל מען יענע שווידערס
די קינדער דערקלערן?

## פאַרלאָז מיך נישט, זכּרון

ווי פֿל מיר איז נאָך באַשערט
זאַמלען שנירלעך טעג אויף יאָרן —
פאַרלאָז מיך נישט,
מײַן זכּרון.

פאַר יעדן אָדער פון מײַן האַרץ
ס'איז כּישוף דײַן באַריר,
צעבליצסטו פאַר מײַן אויג
דײַן פּילפּאַכיקן קאָליר.

מײַן באַשערטע נאָענטקייט
אַ שעה בײַ דײַן אָפענער טיר
איך וועל נישט פאַרבײַטן
אויף אַ יאָר אָן דיר.

נאָך ווערטער וואָס גליִען אויף ליפּן
האָט ווער עס אַ מאָל דיר געזאָגט? —
ביסט דער בראשית-זייגער
אין האַרץ וואָס שלאָגט.

זכּרון-אוצר — ליכט פאַר מײַנע אויגן —
פון די ווײַטסטע זונען:
וווּ איך שטיי און גיי
גייט מיר נאָך מײַן מאַמעס פּנים.

אויף דער טאַטע מיט פאַרבלוטיקטער באַק:
אַ שטיק באָרד האָט אַ האַלערטשיק אויסגעריסן.
און די גראָשנדיקע ליכטלעך אויפן שבת-טיש —
עדות פונעם צוגעטיילטן ביסן.

מיט דיר, מײַן זכּרון־קאָמפּאַס,
אַ ים בילדער געדענק איך קלאָר:
זײ אויסצומאָלן
איז מיר נויטיק נײַע זיבעציק יאָר.

ברענגסט מיך צום שטעטעלע, צו אונדזער שטיבל
מיט טרעפּלעך פון פאַרשימלטע ציגל.
אָן דיר, וואָלט איך געשטאַנען,
ווי אַ בלינדער בײַם שפּיגל.

2טן פעברואַר 1981

## צוועלף אויגן

אַ לבנה-נאַכט מיט צוועלף אויגן
פאַרמאַגט מײַן וואַנטזייגער —
מײַן וועכטער מײַן געטרײַער.
און אַ וואָרט —
דער ריטמישער גייער
רירט זיך נישט פון אָרט.
פרעמד איז אים דער טעם פון רוען,
ער היט די רגעס ווי די שעהען
פון מעת-לעתן —
ער לאָזט נישט פאַרגעסן
די שנירלעך יאָרן,
געפּענטעט און פאַרבאָרגן
אין קעמערלעך פון זכּרון.

די ווײַזפינגער
אויפן גרעסטן ציפעראויג
קלינגען צוועלף מאָל.
דער קלאַנג
גליטשט זיך אויף די קייטן-רינגען
פון שטאָל,
צעוועקט מײַן אויער
אין אַ שפּעטער שעה.
דוכט זיך:
גלעקעלעך פון באַרגשפּיץ
קײַקלען זיך צום טאָל.

די צוועלף אויגן
פון וואַנטזייגער
מיט די ווײַזער-פינגער
מעסטן דעם ציפערבלאַט

אויפן אַלטן שטייגער:
טיק־טאַק,
טיק־טאַק,
דער שווערסטער פּאַק —
די מאָס פון צײַט,
צום צעוועקטן שטויבעלע
בײַ לבנה־שוועל
אַן יעקבס לייטער;
און ווײַט־ווײַטער —
דורך פּלאַמיקן שײַטער,
דעם גאַנצן אַרום
דאָס ציפּעראויג באַגלייט.
ער איז מײַן עדות —
יאָרן מיט מײַנע נאָענטסטע,
מיט מײַנע טײַערסטע
געווען בין איך צעשיידט.
אין טויט־סכּנות פון שלאַכט,
מיט זײַן ברודערל — מײַן האַנטזייגערל —
דורכגעגאַן דעם קריג:
אין „פּאַקס־האַל" אין פינצטערן
פאַר מײַן הייסן, צאַפּלדיקן בליק
די אויגן פון דעם ציפערבלאַט
געווען זענען מיר ווי נאָענטע צוועלף שטערן.

באַשערט געווען איז מיר,
אויף אייגענע פיס
קומען צוריק פון פײַער
צו מײַן היימישער טיר
און שטיין אַנטקעגן דעם לבנה־פּנים
מיט צוועלף אויגן
פון מײַן זייגער, — מײַן שומר מײַן געטרײַער.

## אויפן פּראָגער בית־עולם

אויפן פּראָגער בית-עולם,
די האַלב פאַרזונקענע מצבֿות,
מיט מאָך און מיט שימל באַקליידט
פון די הונדערטער יאָרן —
דערמאָנען אין צעווייקטן פאַרמעט און שמות
ווי פון די אותיות געבליבן זענען קוים שפּורן.

די שאָטנס די ברייטע פון די געדיכטע צווייַגן
מיט ציטערדיקער שטילקייט די מצבות פאַרהילן;
מיט אַ שווערקייט, אַ גרויער, אַן אימה ביז צום שרעקן
פּאַמעלעך כ'באַוועג זיך אין אַ פאַרטייַעטן שווייַגן,
ווי כ'וואָלט געציילט יעדן טראָט מייַנעם דעם שטילן
אויך די גרעזלעך די שיטערע, בייַ די סטעזשקעס נישט צעוועקן...

אין יעדן קבר רוען מתים מער פון אַ מנין,
אויף די ערדישע דילן און דעכלעך — נאָענטע שכנים;
אַזאַ סדום-בעטל האָבן יענע הערשער דער געטאָ צוגעטיילט,
און פּילפּאַכיק געהייסן באַצאָלן, ווי יעדעס זאַמדעלע פון גאָלד די ווערט,
(כאָטש מיילן פּוסטע האָבן דעמאָלט נישט געפעלט),
ס'גראָבן אין דער טיף — נישט געווען איז פאַרווערט.

די דור-דורותדיקע קברים הערן פון מייַן הארץ ס'לשון
פון דעם חורבן הינטער די הויכע, די בית-עולמדיקע ווענט:
— עס האָבן די מערדער פון נאַצי-שאַנדלאַנד
אייַערע אור-אוראייניקלעך פאַרגאַזט, מיליאָנען געשאָסן.
טרעבלינקער טויטאָוויוונס געווען איז זיי באַשערט —
נישט ווי אייַער געביין — רוען אין דער מאַמע-ערד.

דעם בית-עולם פאַרשוועכן די כאַפּטעס נייַגעריקע טוריסטן,
מיט זייער לשון וואָס שפּיזלט מייַן אויער.

די מערדער און די קינדער פונעם באַרבאַרן־פֿאָלק דעם וויסטן,
אָן אַ ברעקל סימן פֿון טרויער און באַדויער —
נאָענט צו מיר אויף די שטעגן שפּאַנען —
די לופֿט פֿאַר מײַנע לונגען — כ׳פֿיל זיי פֿאַרסמען!

עס יערט אויף אין מיר צו זיי מײַן אייביקע שׂינאה,
שאַרפֿער דאָ, ווי איך פֿיל זי פֿון דער ווײַט
און ס׳דאַכט זיך — זי שׂרפֿעט איצט מײַן גאַנץ געביין:
כ׳וויים דעם סאָרט בלוט וואָס אין זיי טוט פֿליסן...
זיי וועלן דערציילן פֿון די שטעט וואָס זענען „יודענריין"
און די טאַטעס און זיידעס וועלן יובלען פֿון די גרוסן.

*

אין דער טונקל־באַלויכטענער שול, נישט ווײַט פֿון בית־עולם,
טויכט אויף אין מײַן דמיון דאָס געשטאַלט פֿון גולם,
וואָס דער מהר״ל האָט געפֿורעמט פֿון אַ בערגל ליים
און פֿאַרדזורותדיקט האָט ה. לייוויק.
דאַכט זיך, דאָ ווײנט אין די ווענט יעדער שטיין,
וואָס די וועלט — פֿון דעם יאָרהונדערט — געווען איז — שטייניק!

אויף די שמאָלע געסלעך, ווו געווען איז די געטאָ,
נאָענט צו דער שול אין פּראָגער בית־עולם,
פּלוצלינג באַפֿאַלט מיך אַן אֵימה:
אומזיסט מײַן זוכן, צווישן גרויסן עולם,
אַ סימן פֿון מײַן שטאַם, אַ ייִדיש פּנים,
וואָס האָט געוווינט דאָ אַ מאָל אין די בנינים.

פּראַג, יולי 1979

## זאָל זיך שעמען די זון

שעם זיך נישט מיטן אײַנגעברענטן נומער אויפֿן אָרעם,
כ'בין מקנא דײַן מאַרטירער־ירושה:
די נומערהאַנט וועט בלײַבן פֿאַרשריבן אין ספרים —
פֿאַר דור־דורות אונדזער חורבן־קדושה.

צווישן געציילטע קדושים ביסטו אַרוים פֿון גיהנום,
דער פֿלאַם האָט אויף דיר נישט געהאַט קיין שליטה:
טרעבלינקע ליגט נאָך אויף דײַנע ברעמען
און דײַנע אויגן דערציילן פֿון אויוונס צעגליטע.

אויף די לוחות גליִען די צען געבאָטן.
אויף דײַן אָרעם ברענען זעקס מיליאָן בראָכן.
כ'גלייב דיר: שרעקסט זיך פֿאַרן לאַנגן שאָטן
וואָס איז „אין די בונקערס מיטגעקראָכן...״

שעם זיך נישט מיטן אײַנגעברענטן נומער אויפֿן אָרעם,
דער פֿאַרשאָלטענער יאָרהונדערט זאָל זיך שעמען!
ס'אַש פֿון די נאָמענלאָזער קבֿרים,
דאָס פּנים פֿון דער זון וועט צעברענען.

אויב אַזאַ נומער וואָלט געברענט אויף מײַן שטערן,
וואָלט איך דעם קאָפּ נישט געבויגן:
זאָלן זיך שעמען די ווײַטסטע שטערן
וואָס זענען, אפֿשר, גאָטס אויגן.

זאָל זיך שעמען די זון — דאָס הימלשע האַרץ,
און טראָגן דער לאַטעס פֿלעק.
ווער ס'זאָגט אַז דײַן בראַנדצייכן איז שוואַרץ —
פֿון דעם זאָל זיך נישט אָפּטאָן די שרעק!

## פאַר וואָס בין איך נאָך אין רוזשאַן?

אין מײַן זכּרון־שײַער
פעלט אָרט פאַר זיבן אותיות:
פּ־אַ־ר־ג־ע־ס־ן!

איך זע אין דעם „לא תרצח"
אַ קריעה־ריס.

די געטלעכע קרוין —
זעקס מיליאָן מאָל מיט יִאוש פאַרטונקלט.

צי איז גאָט שוין אויפגעשטאַנען פון שבעה
נאָך זײַנע ייִדן פון די שטעטלעך?

איך האָב מײַן קדיש —
אין האַרץ — יאָרצײַט־ליכט.

פאַר וואָס בין איך נאָך אין רוזשאַן?

ווײַל —
בילדער אין זכּרון
זענען נישט קיין גליטשיקע פיש:

פאַר איין ווינקעלע אין ניו־יאָרק
איז מײַן שטעטעלע צו קליין!

ס'וואָלטן שטאָקן פון עמפּײַער־סטייט געבליבן פוסט,
מיט אַלע רוזשאַנער אונטער זײַן דאַך.

אויך אויף דעם נישט פאַרשריבענעם בויגן
כ'זע רוזשאַן:

פון אונדזער שטיבל די הילצערנע ווענט
בענקען נאָך וואַפּנע.

אין מולטער־וויגל מײַן קראַנק שוועסטערל
וואַרט אויף אַ נס.

מײַן מאַמעס שטילע תּפילות —
אויף פליגל צום בורא.

מעשענע לײַכטערלעך
האָבן פאַרביטן די זילבערנע לײַכטער.

דער טשוגונענער סאַגאַן, נאָך וואַרעם פון קאַכן,
און די קישנס פון די בעטן — אויף „גראַבסקים עגלה"[1]

פון טאַטנס קלאַמפּעס אויף די שטיינער,
צעעפנט דעם פּיסק ניעדזשעלסקים כּלב.

פון זײַן אויסגעריסענער באָרד —
אַ שנירל בלוט פון ביאַליקס „שחיטה־שטאָט".

אַ גיפטהאַס פון הינטער די לאַדנס:
„פּשאַקרעוו, זשידזשי דאַ פּאַלעסטיני!"

די טיפע בלאָטעס אויף די שמאָלע געסלעך —
עדות פון די לעכער אין מײַן שוועסטערס פּאַדעשוועס.

זומער — מײַנע באָרוועסע פיס
אָרן נישט די שטיינדלעך ווי טשוועקעס.

1 „גראַבסקים עגלה" — די שטײַער־עקזעקוציעס א"ב פון פינאַנץ־מיניסטער סטאַ־ניסלאַוו גראַבסקי.

אין קעלער־חדר, איטשע מאיר „דער פעלדשער"
ביי פרשה משפטים — האָט מײַן אויער אונטערגעריסן.

פאַר מײַנע ווונדן, ער לייגט פּאַיענטשינע אויף אַ ברויט־פּענעץ
מיט אַ שמאַטע — אַ באַנדאַזש.

פון אַ סטראַגאַן, אַ געפּרוּווירן עפּעלע,
צעבושעוועט מײַן אַפּעטיט.

ס׳ראַזעווע ברויטל
צעשנײַדט די מאַמע אויף צען חלקים.

אַ צווײַגעלע באַדעקט מיט שנייאײַז —
כ׳גריזשע ווי אַ מאַרך־ביינדל.

פון דער סאַפּקע, ווו איך שלאָף מיט מײַנע ברידער,
קאָן קיין אַקראָפּ[2] די וואַנצן נישט פאַרטרײַבן.

בײַם קאַמאַשן־מאַכער, שימחה הערש,
מײַן ערשטער אוניווערסיטעט — —

איך פיל נאָך דעם טעם פון פּאַיע סאַפּערשטיינס ליפּן —
מײַן ערשטע געליבטע.

מיט בערל דעם סטעלמאַך, דעם „בונטאָווטשיק",
כ׳גיי הערן אין סאַסנע־וועלדל דעם „יונגן לאַסאַל".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

2 אַקראָפּ — זודיק וואַסער.

נאָכן לייענען דעם יזכּור־ספר,
די מצבה נאָך רוזשאַן —
געדענק איך מײַן בן־עיר,
מוישקע שולצערס רייד:
— ביכער איך וואָלט שרײַבן געקענט —
און איך — ווי ער —
— וואָלטן יאָרן נאָר געווען באַשערט —
אויף טויזנט בויגנס
און אפשר נאָך מער...

1981

## אַ חוב

**א**

אונטער מאָך־באַוואַקסענע שטיינער,
אין אַ קבר מיט קנוילן שטויבן,
ליגט מײַן אָפּגענאַרטער גלויבן:
די זשאַווער־צעפּרעסענע יאָרן —
פאַרגליווערטע שאָטנס אין זכּרון —
קאַשמאַרן.
איך שעם זיך פאַר מײַן שפּיגל,
פאַר מײַן בלינדקייט,
און כ׳באַהאַלט זי אונטער שלאָס און ריגל.

**ב**

נישטאָ אַזאַ שלאָס,
אַזאַ שליסל צו פאַרשליסן
אַן אויפגעוואַכט געוויסן.
די גענאַרטע יאָרן
מע קאָן נישט כאַפּן צוריק:
דער חוב איז צו בויען
אַ נײַע בריק —
אַ זין צו געפינען;
ס׳דאַרנדיקע פעלד צו פאַרזייען
מיט אַ נײַעם באַגינען.

## בײַ די זעקס ליכט

שאָטנלאָז זענען די קעמערלעך פון מײַן זכּרון:
די טרעבלינקע־יאָרן —
שפּיזלען אין מײַן געביין.
כ׳האָב געהערט די קולות פון די געטאָס,
די יאָמערטאָלן,
כאָטש איך — אין פײַער־שלאַכטן
בין דאָן געווען.

איך האָב אויסגעטאָן דעם מונדיר,
אַ צעשטראָלטער פון זיג
און זיך דערוווּסט פון די שײַטערס,
דעם גזר אויף מײַן פאָלק
וואָס כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן;
און נישט דעם הימל, אין אַש־תּכריכים,
פון די צעפלאַמטע אויוונס
און בהלה־מעת־לעתן.

די וועלט־שומרים האָבן פאַרשטעלט,
יעדן וועג צו אַ גרענעץ,
מיט אַ דאָרנדיקן צאַם.
מיט חשבון געהאָלפן דעם וואַנזין —
די שלאַנג פון בערלין:
פאַרזינקען אין אַ קבר,
די געראַטעוועטע אויף שיפן —
צווישן די כוואַליעס פון ים.

פול איז מײַן האַרץ מיט צער,
ווי די הויט אויף מײַן לײַב —
אין אַ העמד פון זשאַר.

אויפֿן פֿאַרטונקלטן הימל,
מיט סימנים פֿון לעצטן רעגנבויגן,
ווי קריעה־ריסן
עס גליִען די צוועלף מיליאָן
שטערן־אויגן.

פֿון זייערע גופֿים,
דורכן רויך פֿון די קוימענס
די שאַרבנס קלאָגן.
יעדער קרבן איז מיר נאָענט,
ווי מײַן שוועסטער מיט די קינדער
וואָס הערן בײַ די זעקס ליכט
יעדן אָדער פֿון מײַן האַרץ —
קדיש זאָגן.

## ירושלים

סימנים זענען געבליבן פון מײַנע פֿאַמעלעכע טריט
אויף די הרי־יהודה, געטובֿלטע אין בלוי־פֿון־בלויען.
אַ תּפֿילה האָט אויף מײַנע ליפּן געגליט
צו דיר, קרוינשטאָט — אַלט־יונג־ירושלים.

מיט דײַן הייליקייט האָט מײַן מאַמע מיך אָנגעזויגן.
זאַפֿטיקע קערנער אין מײַן זכּרון פֿאַרזייט.
אויף איר האָט גערוט די שכינה בײַם טײַטש־חומש געבויגן:
„אַלע מלאכים היטן ירושלים"...

הער איך דעם רויש פֿון צעפֿאָכעטע פֿליגל,
אויף ווײַסינקע וואָלקנדלעך ווי שעפּסן אין רייען.
זיי ברענגען פֿון הימל שטערן און ציגל —
פֿאַרן ערשטן געצעלט, געבויט אין ירושלים.

כ'זע מײַנע זיידעס, די קנעכט, זייער שוויים אינעם ליים,
און הער משהס קול צעפּראַלט מצרים.
אין מידבר־וואַנדערן, בײַם שלאָגן דעם שטיין,
לײַכט דער עמוד־האש אויפֿן וועג קיין ירושלים.

ס'האָט מײַן מאַמעס טרוים דאָ צעלויכטן מײַנע אויגן.
אויף דער תּנכישער ערד מײַנע וויזיעס פֿליִען:
פֿאַר קיינעם ביז איצט כ'האָב דעם קאָפּ נישט געבויגן,
איצט בייג איך דעם קאָפּ פֿאַר דיר, ירושלים.

1968

## כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן

כ׳האָב אין מײַן שטעטעלע, רוזשאַן,
מײַן צוועלפטן פרילינג
מיט נאָדל און פינגערהוט אײַנגעניית
אין פריצישע פעלצן
און אין לעפּאַגענע כאַלאַטן —
און פאַרביטן
חומש און רשי
בײַ דוד־בער, דעם שנײַדער,
אויף אַ מאָלצײַט אַ זאַטן.

נישט איין מאָל — ווען די אויגן האָבן זיך געבעטן שלאָפן,
פלעגט דער שנײַדער מיר נאָך דערציילן
מעשׂיות פון קאָלאָמבוסעס מדינה,
סטריגעווען מיטן ניגון פון דער „גרינער קוזיניע״
און דעם סוף פון ליד —
קלאָר מיר געגעבן צו פאַרשטיין...

ער האָט געמאָלן מיר די שוויצשעפּער,
זײַן „באָרדער־אָרון־בעטל״,
די וואַקלדיקע טרעפּ פון העסטער־סטריט־מויער
אויפן פינפטן גאָרן.
דאָס ווײַב און קינדער, נישט הונגערן זאָלן אין שטעטל —
פון „עני ואביון־סאָפּער״
אַ ביסן געטאָן שפּאָרן...

זײַן שווערן אָטעם,
זײַן הוסט דעם פאַרקײַכטן,
אַ ירושה פון דער גאָלדענער מדינה,
קאָן איך נישט פאַרגעסן,

און נישט זײַן שוויים
און פֿון אָנשטרענג די טרער
ביים צעבלאָזן די קוילן אין פּרעסל.

כ׳געדענק דעם גרויען זקן — קוים זעכציק יאָר.
טײַטשנדיק אַ פּסוק,
ווערן טיפֿער אויף זײַן פּנים די קאַרבן.
יאָרן שפּעטער
איך —
מער נישט קיין „גרינער" אין די שעפּער,
בײַ פּרעסטישן וואָס גליִען בײַ די אײַזנס,
כ׳האָב געפֿילט די שנײַדערישע יאָרן
ווי נאָדלען אין שאַרבן.

כ׳האָב נישט פֿאַרגעסן זיי דערציילן
און ס׳האָט נישט אויפֿגעהערט
אין מיר צו קוואַלן
ווען עס האָט זיך דאָ,
מײַן שנײַדערליד צעזונגען,
און בײַ זינגער־מאַשינען,
געטרוימט פֿון גליִענדיקע שטראַלן
פֿאַר אַ נײַעם באַגינען.

## פון זכּרון

בײַ דער אָפֿענער קלײדערשאַנק,
איך בין שטײן געבליבן,
מיט פֿרײד און מיט שרעק,
וואָס נאָר א י ם, מײַן מונדיר,
כ׳האָב אויסגעקליבן —
היטן דעם סוווועניר —
פֿון נישט פֿרײלעכע טעג.

אַ בליץ אין געדאַנק
צעוועקט אין זכּרון
דעם פּלאַם פֿון יאָרן.

ער איז מײַן עדות
מיט טויזנט אויגן,
אַז יעדער פֿאָדעם אין אים
האָט מײַן פּחד אַנגעזויגן.

איצט שווײַגן מיר,
מיט אַ קול וואָס איז העכער
ווי די קוילן פֿון די באַזוקעס,
פֿון די טאַנקען און קאַנאָנען.

איך גלעט זײַנע קנײטשן,
די פֿאַרביסענע עקשנים,
זײ זענען די טײַטשן
פֿון נאָרמאַנדיס נאָמען.

1982

## אויף זומפּיקע וועגן

ס׳האָט מײַן גורל מיך אַ מאָל פאַרטראָגן
אין פרעמדקייטן אויף ווײַטע מײַלן.
נאָר איצט האָט ער געבראַכט מיך צו אַ קלאָרן ברעג.
די פאַרלוירענע יאָרן —
ס׳טוט ווי זיי צו ציילן.
כ׳בין געגאַן דאָן פאַרשיכּורט
אויף אַ זומפּיקן וועג.

איצט זענען זיי אָפּן
און כ׳זע קלאָר מיט די אויגן
דאָס, וואָס געווען איז
אין נעפּלען פאַרבאָרגן.
כ׳האָב אַלץ שוין געמאָסטן,
און אַלץ שוין געוווויגן;
איך האָב שוין דעם גאַנצן חשבון געמאַכט:
איך ווייס ווער געשטיקט האָט
און ווער ס׳האָט געוואָרגן
און ווער, אַנשטאָט ליכט —
האָט חושך געבראַכט!

זאָג איך נישט קיין קדיש
נאָך מײַן אָפּגענאַרטן גלויבן —
כ׳האָב אַלע טירן שוין צו אים פאַרמאַכט,
און אויב אַ יאָרצײַטליכט —
זאָל עס זײַן אַ שטראַלעכל פאַר יענע,
וואָס זיי בלאָנדזשען אַלץ נאָך
מיט דעם גלויבן
פון מײַן נעכטיקער,
דער שיכּור־שווערער נאַכט — — — —

1979

## פון יענע טעג

אין מיר די נאָרמאַנדיע־שלאַכטן נאָך גליִען און ברענען.
יעדער שפּאַן בײַם קאַנאַל — אַ פּיסק פון גיהנום.

אַ פאַרקלעמטער פון פּחד דעם געדאַנק כ׳וויל פאַריאָגן:
„בײַ דער געלאָדענער ביקס הייב אָן ווידוי צו זאָגן".

כ׳זע די זעלנער אַרום מיר אין בלוטלוזשעס ליגן:
— אָ, גאָט! אונדזער חייל, בענטש אים מיט זיגן!

צי גאָט האָט געהערט, — איך ווייס עס נישט איצט.
די ערד איז געוואָרן צעדונערט, צעבליצט.

טרעפן די בליצן דעם שונאס עראָפּלאַנען,
און זיי פאַלן אַראָפּ אין רויך און אין פלאַמען.

דער גלי פון מײַן הארץ באַגלייט די קוילן,
געצילט צו די בונקערס מיט נאַצישע גרוילן.

פון אַ צעפלאַמטן בוים, אַ רעגן פון פונקען,
פאַלט אויף די קריעה־ריסן — מיט בלוט געזונקען.

איך ליג אין אַ פלאַכן קבר מיט די נעגל געגראָבן,
און ס׳העמד אויף מײַן לײַב פון שווייס איז צעצוואָגן.

עס צאַמט מײַן פיבער אַ שטאָלענער גאַנג:
פאַר מײַנע אויגן די זון — אַ ריזיקער טאַנק.

די „דזשערים״[1] באַהאַגלען דעם גאַנצן אַרום,
און פּלוצלינג — דער טאַנק שטעלט זיך אָפּ. ער איז שטום!

נאָר מיר ווייסן: עס איז זײַן קאַנאָן
פון אונדזער נצחון — בײַם „טורעט״[2] די פאָן!

1 „דזשעריס״ — נאַצישע זעלנער.
2 „טורעט״ — דער אויבערשטער טייל פון טאַנק, וווּ עס געפינט זיך דער טע־לעסקאָפּ; ער קען זיך דרייען ווי אַ ראָד, אַפילו ווען דער טאַנק שטייט.

# אַ דערמאָנונג פון אַ בילד

**...איז געקומען אַ מבול,**
**פון פײַער און שטאָל,**
**און אויסגעגלײַכט אין מײַן שטעטל**
**דעם באַרג מיטן טאָל.**

מײַן חבר האָט אַ בילד מיר הײַנט געוויזן,
אַ בילד אויף לײַוונט, נאָך אָן אַ ראַם:
אַ בוים בײַם וואַסערפאַל.
דער וואַלף פאַרצוקט די לאַם.
אויפן קאַרק פון בערגל —
דער פאַסטעך אויסגעצויגן.
פון ווינטמיל אַ פליגל —
אין דער שקיעה — אַ בויגן.

האָבן צעשפּרייט די ווענט זיך פון צימער,
פונעם בוידעם-שטיבל טונקל-שמאָלן,
און כ׳האָב נישט געפילט מער ווי אין שטײַג פאַרשפּאַרט.
מײַן חברס בילד האָט מיך דערמאָנט
אין אַ שטיק פון מײַן שטעטלשן זומער,
ווען דער טײַך האָט די זון פאַרנאַרט.

אַרום שטעטל געשטאַנען זענען רײַף שוין די זאַנגען.
נאָר ברויט צו דער זעט נישט געווען איז באַשערט.
אין שטיבלעך דער פּחד, ווי אַ שווערד איז געהאַנגען:
די האַלערטשיקעס[1] קומען שנײַדן יידישע בערד.

מײַן טאַטע מיט אַ פאַרבונדענער באַק —
כאַטש אויף צאָנווייטיק האָט די מאַמע געליטן.
פון זײַן לאַנגן כאַלאַט, דעם געפאַרבטן זאַק,
האָבן זיי אַ פּאָלע, ווי די באָרד אָפּגעשניטן.

---

1 האַלערטשיקעס — זעלנער פון גענעראַל האַלערס דיוויזיע, וואָס האָט זיך טרויע־ריק באַרימט געמאַכט מיט רײַסן יידישע בערד.

מײַן פּױליש שטעטעלע רוזשאַן —
אױף אַ באַרג אַ צעדרינזשעט פּעסל.
איך — אין געפּענטעטן שפּאַן,
אין שטויב און אין ברוד פֿון מײַן געסל.

זע איך אױפֿן בילד איצט דעם זוניקן שפּיגל,
װי אױפֿן שטעטלשן נאַרעװ-טײַך, אין דער טיף און אין דער ברײט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס אָרט, װוּ ס׳איז געשטאַנען מײַן סקריפּענדיק װיגל,
איז שױן לאַנג הײַנט מיט אַש פֿאַרזײט.

1938

## אַ קאַשמאַר פון שלאַכטפעלד

אין חלום — אַ קאַשמאַר פון שלאַכטפעלד,
מײַן טויטע מאַמע כ׳זע אין שלאָף:
זי באַפרײַט מיך פון דער גאַזמאַסקע
וואָס האַלט מיך אין שטיקן.
איך פיל אירע אָרעמס —
זי פליט מיט מיר
אויף שטאָלענע באַלקעס
פון אויפגעריסענע בריקן.

זי טראָגט מיך פונעם „פאַקס־האָל״
צום קאַסטן־שטיבל — אַן אָרון
פון זאַמדיקע ווענט
מיט טירן אַן שלעסער און ריגלען.
דער צעפּלאַמטער אָרום
קאָלערט זיך אין תּהום.
מאַטאָרן פאַלן פון עראָפּלאַנישע פליגלען —
אין וואָלקנס זײַ ווערן פאַרברענט.

פונעם צעשפּאָלטענעם בוים
קריכט אַ שלאַנג אויף צוויי פיס
באַהאָנגען מיט האַנטגראַנאַטן.
אינעם רויך פון די צווײַגן
בלײַבט ער ליגן טויט
מיט נאַצישע זעלנער אין די שטעכלדראָטן.

אַ באַגנעט. אַ רידל,
ווערט אַ פאַרבלוטיקטע קוליע,
און עמעץ שלײַדערט זי צו מיר
ווי אַ צעגליטע שפּיז.

איך שטרעק אוים אַ האַנט
צו דער צעפּראַלטער טיר.
די קוליע הינקט אַוועק צום בערגל,
צעריסן פון אַ מינע
און קומט צוריק מיט צוויי ביינער פון אַ פּוס.

קוילן צעלעכערן די פינצטערע נאַכט.
כ׳גלי אין אַ פייעררינג
ביי מיין שיף אויפן קאַנאַל.
איך שווים צום ברעג.
נאָענט ביים טאָל —
צעלעכערטע העלמען אַ באַרג,
און צווישן הרוגים
ליגט מיין קאָפּ
אַראָפּגעשאָסן פון קאַרק.

ער פליט אין דער גרויליקער בהלה —
מיין צעבלוטיקטער קאָפּ,
און איך שווים אים נאָך
אין מיין מאַמעס טרערן.
אירע צאַפּלדיקע הענט צו מיר געצויגן:
און פון צעשאָסענעם הימל
די פאַלנדיקע שטערן
צעלייכטן די שערבעלעך
אויף אירע אויגן.

## ערב שלאַכט

די נאַכטיקייט האָט דעם רעגן דערוואָרגן.
דער אַרום — שטום.
נאָר די שטילקייט,
פאַר אונדז, זעלנער, —
נישט פאַרבאָרגן...

פון מײַן קאַמופלאַזשטן „פאָקס-האָל"-דאַך,
די שטילקייט פון שווײַגן
רעדט העכער ווי קאַנאָנען-שפּראַך.

כ'זע די שמאָלע שטריכן
פון לבנהס פּנים
דורך צווײַגן-שפּאַרעס.
שאָטנס קריכן דורך זיי,
ווי ריזיקע שפּינען.

כ'בין באַפּאַנצערט מיט אומרו און אומעט:
די פינצטערניש מיט שוואַרצע ציין
גריזשעט מײַן געביין.

מײַן שמאָלער גרוב —
אַ מיט צווײַגן צוגעדעקטער קבר.

פרעגצייכנס פאַר מײַנע אויגן פליִען:
צי וועל איך ביז באַגין דערציִען?

אין גרוב די רגעס
האַמערן מיט פּחדיקן דראָען.
אויף מײַן האַנט דער קליינער זייגער

טיקט ענדלאָז, טראָפּנווייַז,
געלאָסן־מאָנאָטאָן די שעהען.

אייַנגעקלעמט אין נאַסע ווענט
כ׳בין נישט אַליין —
די גאַזמאַסקע בייַם האַרץ,
די ביקס אין מייַנע הענט —
אין דרייַען מיר וואַרטן
בייַם ראַנד פון וואַלד,
ווו יעדער שאָטן איז אַ פּאַסטקע,
יעדער בוים —
דעם שונאס אויסבאַהאַלט.

## מיט נצחון אין די אויגן

נאָך אַזוי פיל יאָרן
און ס׳שטייט נאָך פאַר מײַנע אויגן
דער פאַרכמורעטער הימל,
די פעך־שוואַרצע וואָלקנס
און די צעבליצטע פײַערשטראָמען,
ווי די קוילן פון די באַזוקעס,
פון די טאַנקען און קאַנאָנען
וואָלטן דעם הימל איבערגעקערט,
אין מײַנע טויטאַנגסט־שעהען די ערשטע —
אויף נאָרמאַנדיס צעריסענער ערד.

פון די געזונקענע שיפן,
וואָס זייערע צעלעכערטע בײַכער
האָבן געבראָכן מיט אויל —
דער שטורמישער קאַנאַל
איז געבליבן אין אַ פאַרזיגלטן פײַערצאָם,
און די זעלנער בײַם ברעג
פאַרהילט האָט דער רויך,
מיט אַ וואָרגנדיק סם.

אינעם פלאַכן „פאָקס־האָל"־קבר,
ווו כ׳האָב געזוכט מײַן לעבן פאַרהיטן,
כ׳געדענק די פאַרגליווערטע בלוט־סימנים —
דאָס פון מאַשינביקס־קוילן צעשטעפּטע העמד.
ס׳האָט געריסן אין מיר יעדער אֵבר,
און מײַן שרעק כ׳האָב נישט געקאָנט פאַריאָגן,
אַז אויך מיך

פון גרוב וועלן די „גרעווו־רעדזשעסטרעשנס”[1] אַרויסטראָגן,
און פון די „דאָג־טעגס”[2] אויפן האַלדז
אַראָפּשרײַבן מײַן נאָמען.

פון די אויפגעריסענע מינעם די קאַמופלאַזשטע,
וואָס דער נאַצישער שונא
האָט געשפּרייט און פאַרזייט,
געבליבן זענען גריבער, טיפע קברים
פונעם פײַער־און־פלאַם.
בײַ מײַנע ברידער־זעלנער,
וואָס דער מלאך־המוות האָט באַגלייט,
האָב איך געפילט זײַן נאָענטקייט
אויף יעדן בלוט־צעווייקטן שפּאַן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

הינטער די ריזיקע טאַנקען
זענען מיר געלאָפן מיט נצחון אין די אויגן
פלאַמעסן אויף וועגן און שטעגן
די פאַרנאַרעטע, נאַצישע שלאַנגען.
פון אונדזערע געפּאַנצערטע פעסטונגען
זענען קנוילן פײַער געפלויגן —
צו באַגראָבן און פאַרזיגלען
פון שונא דעם גורל,
זײַן סוף אין נאָרמאַנדי —
זײַנע לעצטע טעג.

1 „גרעווו־רעדזשעסטרעשנס” — די וואָס טראָגן אַראָפּ פון שלאַכטפעלד די טויטע זעלנער.

2 „דאָג־טעגס” — צוויי בלעכלעך מיט אינפאָרמאַציע און דעם זעלנערס נאָמען.

## אין מײַן גאָרטן

**1**

כ'האָב ליב דאָס וואָרעמע ווינטל
וואָס קעמט און צעקעמט מיר די צווײַגן
און זשאַלעוועט נישט איטלעכן בלעטל
אַ קוש טאָן און אַ שטיפערישן גלעט.
אין מײַן גאָרטן די ביימער,
דערפרישטע פונעם רעגן,
מאָנען און פרעגן.
זיי וואַרטן, ווי איך,
עס זאָלן קומען די פייגל
וואָס געווינטערט זיי האָבן
אין וואַרעמע שטעט.

**2**

ביימער אָן פייגל,
אָן קלאַנג פון באַפליגלטן ניגון,
זענען ווי מאַמעס בײַ ליידיקע וויגן.
ווען שפינוועב פאַרהילן פוסטע נעסטן —
צי ווייסט ווער דעם טרויער
פון ביימער צו מעסטן?
אַ גאָרטן אָן פייגל
אָן בלומען —
זיסקייט פאַר בינען,
קאָן אַ טרייסט דען ווער
פאַר אַ גאָרטן אַזאַ געפינען?
היט איך מײַן גאָרטן,
מײַן זומערדיק וויגל,
וווּ עס שימערן די גראָזן
אונטער זוניקן שפּיגל.

3

איך דאַנק און לויב זײַן ליבן נאָמען
פאַר דער פאַרבנשפּיל פון בלומען,
וואָס אין מײַן גאָרטן איז פאַראַן.
די ערד האָט מיך באַלוינט
פאַר מײַן פּראַצע, מײַן מי,
פאַר ריטשקעס מיט שוויים
אויף צעגראַבענעם שפּאַן;
פאַר די בלומען — טוליפּן
וואָס בעכערס פולע וואָלטן זײַן
מיט מחיהדיקן ווײַן אויפן גומען
און מיט שימער פון טוי מיך געצוואָגן.
ווי זיי וואָלטן דער זון דעם גוטמאָרגן
אַנטקעגן געטראָגן.

4

קלענער ווי די טוליפּבעכערס
די אָראַנזש־קאָליר בלומען
נאָר נישט קלאָר מיר זייער נאָמען.
ווי פּעכערס צעוויגטע
אויף די קרעלן־שטענגלעך באַחנטע
זיי וואַקסן געראָטן
נישט ווײַט פון די ציבלקעס גרינס,
וווּ עס דרעמלט
אַ טונקל ציטערדיקער שאָטן.
ווי אין אַ טעפּעך אַ גרין־פּוכיקן
זינקען מײַנע באָרוועסע פיס.
(פון אַ טעם אַזאַ זיסן
אַ שונא זאָל נישט וויסן).

דאָס אויפגעיווירטע גראָז מאָנט שוין ווידער
מע זאָל עס שנײַדן. —
אויך אַזאַ פאַרגעניגן
וויל איך נישט מײַדן.

5

מײַן גראָזשנײַדער — אַ פּרעסער.
די פינף שלאַנגעוודיקע מעסערס
געשאַרפט זיי הײַנט מיט דער פּײַל —
סטײַען זיי קאָנען פאַר אַ לאַנקע
לענגער פון אַ מײַל.
די גומענע רעדלעך אויף דער אַקס
כ'האָב אָנגעפּויעט מיט אויל.
דער ריח פונעם געשניטענעם גראָז —
זאַפט אויף דער צונג, אינעם מויל.

6

די קוסטעס וואָס וואַקסן
צעשויבערט און ווילד,
מײַן לאַנגע ספּרוזשינע-שער
זיי שנײַדנדיק האָט אײַנגעשטילט.

אויך דעם עפּלבוים כ'האָב הײַנט
מיט דער שער באַקאַנט.
ווי אַ מאָל אין שאָפּ — צווייטן פון אַ זוים
געשניטן מיט מײַן שנײַדערישער האַנט.

כ'ווייס נישט צי די שער האָט מיך דערמאַנט,
צי די געסט — די זשומענדיקע בינען:

אַט בין איך שוין ווידער אין שאַפּ אײַנגעשפּאַנט
בײַ רווישיקע מאָטאָרן, בײַ די ניימאַשינען.

כ׳דערמאָן זיך יענע עפּל, די באַזונטע אויף צווײַגן,
געמאָלן אויף בלוי-פּוכיקע פּאַסן זײַד.
די נאָדל האָט אפשר פאַרשטאַנען מײַן שווײַגן
וואָס איך האָב אין אַט די פּאַסן אַרײַנגענייט.

אין שאַפּ האָבן ווײַזערס געהיטן מײַנע פינגער,
ווי איין פינגער וואָלט מוזן דעם צווייטן דעריאָגן.
די אויגן פון שומר — צוויי גיריקע שלינגער —
טרײַבן אָן בײַטשן און — גאָט! — ווי זיי שלינגען.

האָב איך לידער געשטעפּט, אָנגעלאָדענע מיט צאָרן,
זיי נישט געמאָסטן, נישט געוווינן אויף אַ שאָל.
מײַן טרוים איז געווען נאָר וועגן אַ מאָרגן אַ קלאָרן,
כאָטש געלעבט איך האָב דאָן אין אַ פינצטערן טאָל.

אָ, יאָרן מײַנע, פון ווינטן צעריסענע נאָטן,
איך בין זיך נישט מוחל וואָס כ׳האָב אײַך נישט פאַרהיט.
איך זאָג נאָך אײַך קדיש — איר ליגט דאָך פאַרשאָטן
מיט פרילינגען פון מײַן אָפּגענאַרטע ליד.

7

פאַר נאַכט.
אינעם שטיבל מיטן געצײַג,
וווּ ס׳רוט דער גראָזשנײַדער,
דער רידל און די גראַבליע,
וועט אויך רוען די שער.

אַן אומעטיקע גרויקייט
באַגלייט דעם סוף פון זומערטאָג.
פון קאַלפּאַטראַ־בוים
מיט די גרוים־גרויסע בלעטער
שפּרינגען אַראָפּ וועווערקעס צוויי,
זוכן, פאַרן שלאָף, נאָך אַ ניסל.
די לעצטע שטראַלן, — פינגער גלײַיקע —
צעקעמען דעם נידעריקן וואָלקן,
וועבן אוים אַ וועג
פאַר דער לבנה בײַ נאַכט.
און איך —
אַ מידער,
אַן אַנגעזעטיקטער מיט טרוים,
האָב דאָס גאָרטנטירל פאַרמאַכט.

## דער נײַער אורח

ער איז געקומען צו פֿליִען אין רײַפֿן באַגינען,
דורשטיק און הונגעריק פֿונעם ווײַטן וועג.
אין מײַן גאָרטן, וווּ עס פֿעלט נישט צו אַ מנין —
אויך ער וועט נישט זוכן, וווּ צו „עסן טעג״.

דער אורח, מיט אַ שפּיציק קריינדל אויפֿן קעפּל,
מיט לאַנגע פֿיסלעך ווי פֿון אַ מאַראַנצן־קאָליר.
זײַן צעשויבערט ווידעלע, ווי אַ צעפּלאָשעט צעפּל.
ווי ס׳וואָלט געוואָרט אויף אַ קעמל, אויף אַ פֿינגער־באַריר.

כ׳פֿאַרשטײַף די ליפּן, כ׳טו אַ מין פֿויגלשן פֿײַף,
(איך „רעד״ נישט אַזוי צו די טויבן אויפֿן דאַך...)
צום פֿולן שיסעלע וואָסער ער שפּאַצירט אַזוי שטאָלץ און שטײַף,
יאָ, ער האָט פֿאַרשטאַנען מײַן פֿויגלדיקע שפּראַך.

ער לעשט דעם דורשט ווי ר׳וואָלט פֿון אַ מידבר געקומען,
און פֿאַררײַסט צום הימל ס׳קעפּל נאָך איעדן שלונג.
נאָך יעדער קרישקע וואָס ער האָט אין שנאָבעלע גענומען,
האָט ער — פֿון תּענוג — ספּרוזשינעדיק געטאָן אַ שפּרונג.

כ׳גאַף אויף זײַנע מאַנירן, ווי נישט פֿון אַ פֿויגל וואָס נעסט אויף אַ בוים,
נאָר ווי אַ קאַוואַליר, בײַם טיש אין אַ וואָזשנעם רעסטאָראַן.
מיטן שפּיציקן קריינדל וואָס וויגט זיך קוים־קוים,
ווי מיר צו דערציילן אַז פֿון זײַן מין — זענען קיין סך נישט פֿאַראַן.

אַנגעזעטיקט — לאָזט ער זיך אין אַ קונציקן שפּאַציר,
אויף די טעלעפֿאָן־דראָטן וואָס ציִען זיך פֿון שטאַנג צו שטאַנג.
צי מאַכט ער זיי, די קונצן, ווי אַ לוין פֿאַר מיר? —
ער זינגט, און דאָס איז זײַן ניגונדיקער האַרציקסטער דאַנק.

מײַ 1981

## דעם האַרבסטיקן זיגל

איך זע ווי די זונרויז צאַנקט, שטאַרבט.
מיט ציין צווישן די ליפּן — מײַן שווײַגנדיק באַקלאָגן.
ס'האָט דער האַרבסטווינט זי אַכזריותדיק צעקאַרבט —
אירע לעצטע בלעטעלעך ווײַט ערגעץ פאַרטראָגן.

דאָס נאַקעטע שטענגל צו דער ערד געבויגן,
ווי זוכנדיק אַן אָרט אויף איר צו רוען.
אומזיסט איז מײַן זוכן מיט צער אין די אויגן
פון זומער־קאָלירן די פאַרשווונדענע שפּורן.

כ'שפּאַן אַרום די בײַטן ווי אויף אײַז אַ דינעם
און פיל דעם אָטעם פון ווינטער־פליגל.
אַ בלײַ־גרויער וואָלקן קומט אָן צו שווימען
און לייגט אויף מײַן גאָרטן דעם האַרבסטיקן זיגל.

## גרייט זיך צו פֿאַרנייגן

צוויי אַלטיטשקע זיצן אין פּאַרקל
מיט מאַנענדיקע אויגן
און שווײַגן.
זי — נאָענט צו אים צוגעבויגן.
ער — מיט ציטערדיקע פֿינגער,
נאָכן צעקעמען אַ בערגעלע שנייהאָר
אויף איר קאָפּ,
זשאַלעוועט נישט,
איר אײַנגעשרומפּט פּנים
אַרומקרײַזן מיט אַ גלעט.
פֿאַרבײַגייערס נעמען-מיט זייערע שמייכלען — — —
נאָר איך — פֿאַר זיי ביידע —
בין גרייט זיך צו פֿאַרנייגן,
ווײַל ז י י ווייסן,
אַז פֿאַר ליבשאַפֿט
איז קיין מאָל
קיין מאָל נישט צו שפּעט.

דעצעמבער 1980

## בענקשאַפט

אויף די פליגל פון ווינט, מיט אַ ברומען, אַ בייזן,
צו פרי איז דער האַרבסט הײַנט געקומען,
פאַריאָגט פונעם גאָרטן די באַפליגלטע געסט
און דער בוים איז פאַריתומט געוואָרן.
וועל איך היטן געטרײַ זייער נעסט אויפן בוים
און מײַן בענקשאַפט — אין אַ קעמערל פון זכרון.

פול געווען איז מײַן גאָרטן מיט פייגלשן ניגון.
ס'ווינטל דיריגירט האָט די צווײַגן לויט מײַקע נאָטן;
ווי ס'וואָלט וועלן די צעשויבערטע קוסטעס פאַרוויגן
און פאַרטרײַבן פון די שפּראָצאייגעלעך די פינגער פון שאָטן.

די פייגלשע ליבשאַפט האָט די נעסט נישט פאַרשעמט:
ס'ערשט אויסגעפּיקט עופהלע וועט האָבן אַ זיידן.
טאַנצן כ'בין גרייט געווען מיטן בוים אויף די הענט
און מיטן אייניקל — זיך קיין מאָל נישט שיידן.

איך פיל נאָך דעם צאַפּל, די וואַרעמקייט אויף פינגער,
פון שוואַלב אַרויסגעפאַלענער וואָס געטראָגן כ'האָב צו נעסט.
כ'ווייס נישט צי פאַרן עופהלע געוואָרן איז עס גרינגער —
האָט עס די מאַמע צו איר בוזעם דאַן געפּרעסט?

---

חלום איך שוין ווידער פון כּוחות און פליגל,
דערוואַרעמען דעם בוים כ'וואָלט וועלן מיט מײַן העמד.
אויפן שנייי אין מײַן גאָרטן וועט באַלד בלאַנקען דער שפּיגל,
און איך — טראַכטן וועל מיט בענקשאַפט פון די פייגל אין דער פרעמד.

## דער עדות

סוף זומער,
אַז דער ווינט איז נישט בייז,
צעוויגט ער די בלעטער
ווי מיט מאַמעשע פינגער
נאָר אויב ס'איז זײַן אָטעם צעהיצט,
צערייצט,
טרײַבט ער מיט רציחה די בלעטער
און די צווײַגן — בײַטשט.

די בלעטער, די אויסגעקוואַרטע,
וואַרפן זיך אין אַ ווילדן קאַראַהאָד,
ווי געריררטע פון זינען.
די נאַקעטע צווײַגן,
ווי הענט צום הימל,
הייבן זיך מיט אַ תּפילה צו די הייכן:
גאָט, זאָל יעדעס בלעטל,
אַ נײַע היים כאָטש געפינען.

סוף זומער.
דער לוח איז אַן עדות.
דיביימער וואָס שטייען פאַרקלעמט,
זייערע הערצער וועלן קיין מאָל נישט פרירן.
עס וואַרט פאַר זיי אַ שנייהעמד.

דאָס העמד וועט זיי וואַרעמען —
אין פרילינג זיי וועלן ווידער דערוואַכן,
גרינען און בליִען אויף דאָס נײַ.

1982

## אַ טײַך איז געוואָרן

דער שאַרפער ווינט מײַנע פּאָלעס צעפליגלט,
די שנייעלעך — חלשן אויף מײַן פּנים.
פּראָסטיק זענען די פענצטער צעשפּיגלט,
אויף אַ שליטן איז די זון געקומען.

אַ ווײַסינקער פּוך וואַרעמט די צווײַגן,
דעם בוים אין מײַן גאָרטן כ'האָב קוים דערקענט.
אָט נעכטן — אינעם בײַסיקן רעגן
דאַכט זיך, ר'האָט געמאָנט בײַ מיר — אַ העמד.

אין מײַן אויער וואַכט דער ניגון
וואָס דער ווינט האָט אויפן בוים פאַרלוירן.
ביז זומער וועט דער צווײַג דאָרט ליגן —
כ'וועל אים לאַנג, לאַנג באַדויערן.

די טויבן וואָס „באַרעדן מײַן דאַך"
זענען איצט נאָך ווײַסער געוואָרן,
דעם ריטעם פון זייער ווינטערשפּראַך
וועל איך פּרוּוון באַהאַלטן אין זכּרון.

מיט אַ פײַף וועל נישט שטערן זייער „דיאַלאָג";
פרעמדע געסט דערקען איך צווישן זיי.
זיי האָבן מיך געוועקט בײַ נאַכט און פאַר טאָג
בעת די גרויקייט האָט זיך געמאָלן אינעם שניי.

אַ ווײַלע בלײַב איך בײַם שוועל פאַרגאַפט,
ווי פּלוצלינג דערזען אַ גרויס וואונדער:
די ווײַסינקע בלימעלעך וואָס גאָט באַשאַפט
ווילט זיך צערטלען יעדן באַזונדער!

אַ שנײמענטש װעל איך הײַנט נישט אויסגלעטן
װי אין די יִינגלשע יאָרן.
צום אויװון האָב איך דאַן אים פֿאַרבעטן:
פֿון „מענטש״ איז אַ טײַך געװאָרן.

1953

## ווינטער אין מײַן גאָרטן

מײַן נאַקעטער גאָרטן
וואַרט אויף אַ שנייהעמד:
די בליִונג פון זומערצוויבער —
ווי אײַזליכטלעך אין אַ פלאַם צערונען.
איך שטיי בײַם אָפענעם טירל
זײַן מראה — מײַן אָטעם פאַרקלעמט
און וואָס איך זוך, כ׳ווייס,
איז ווײַט פונעם גאָרטן,
פון יעדן ווינקל אַנטרונען.

אַרום די גערונצלטע פליכעם
די געלבלעכע גראָזן,
געקאַרטשעט פון קעלט,
טוליען זיך איינע צום צווייטן:
פון דער שימערדיקער גרינקייט,
וואָס האָט זוניק געהעלט,
איז קיין סימן געבליבן,
קיין שפור אויף די הויקערדיקע בייטן.

אויך דער ריזיקער קאַלפּאַטראַ-בוים
וואָס מאַיעסטעטיש געבליט,
דערמאָנט אין אַ זקן
וואָס האָט די כּוחות פאַרלוירן.
כ׳צייל די פאַרבליבענע, געלע, פאַרעקשנטע בלעטער
וואָס וועלן נישט דויערן
אין די ציין פון ווינטיקן געפלאַטער.

די קאָרבן זענען געזונקען
אין זײַן הויט

און נידעריקער איז ער געוואָרן
מיט זײַן קאָפּ דעם אָפּגעגאָלטן;
ווי אויף אַ צעבראָכענעם קאָרק
הענגט זײַן שפּיץ געבויגן.
שאָטנס אַ באַרג
טונקלען דעם מרה־שחורהדיקן גאָרטן,
די פּאָלעם פונעם נידעריקן וואָלקן
ווי מיט טינט אָנגעזויגן.

און איך
בין אים, דעם בוים, מקנא:
עס וועט קומען דער פרילינג
ער'ט זיך צעבליִען
און יערן
אין אַ צעבליטן גאָרטן.
כ'וועל טראַכטן, מסתּמא —
וויפל זומערס זענען נאָך
באַשערט מיר
דעם אָטעם פון זײַנע צווײַגן צו הערן?

דעצעמבער 1981

## איך און די סעזאָנען

I

די שענסטע בלום
פאַרלירט אין האַרבסט
די קאָלירן
אויף די בלעטער
פונעם בוים אין מײַן גאָרטן.

די קוימענס אויף די דעכער
צעגריזשעט דער פּראַקטיקער ווינט,
ווי מיט ציין שאַרף-געשליפענע
ער צעבײַסט און צעפּעכערט
די שילדן אויף די שטאַנגען,
צעוויגט זיי ווי שיפן אויפן ים,
ביז זיי קומען צו אַ ברעג.

און אויפן ברעג — דער ווינט, דער שטורעם,
ווײַזט אַז איצט איז זײַן צײַט.

II

אין אַ גרין העמד
ווערט דער פרילינג געבוירן.
ס׳אָטעמט מיט זאַטקייט די ערד
פון שניי אָנגעטרונקען.
דער אַקעראַײַזן איז אַן עדות
אַז וואָס מ׳פאַרזייט וועט בליִען.
די פייגל קומען צוריק צו פליִען,
נעסטן זיי פאַרגרייטן
פאַר די נאָך נישט געבוירענע קינדער
און ברענגען דעם זומער.

קאַרגט נישט ס'זוניקע האַרץ
די גאָלדענע פֿײַערן
פֿון הימל —
דער זומער מיט צעפֿראַלטע טויערן
וועט דויערן און דויערן.

און איך? —
מײַן זכּרון וועט מיך דערמאָנען,
אַז מיט נאָך אַ יאָר כ'בין עלטער געוואָרן.

1981

## פונעם פולן בעכער

פאַר מײַנע אויגן איר פּנים —
די זעקס אותיות פונעם נאָמען.

מײַן זכּרון — אַן אײַנגעשפּאַרטער,
לאָזט נישט פאַרגעסן די מינוטן,
די שעהען,
די אָפענע טירן פון מעת-לעתן.

און מײַן דמיון פלאַמט
ווי אין אַ שטורעם אַ פּעכער.

איז מײַן האַרץ נאָך אין זשאַר
פון צעפליגלטן פײַער?

איך פאַריאָג פון מײַנע טריט
דעם מינדסטן שאָטן פונעם צער
און בלײַב מיטן טעם
פונעם פולן בעכער...

# דו

— ווּ ביסטו געווען ביז איצט?
וואָס ענטפֿערט מען די ציפּערן וואָס פֿרעגן?
זאָל איך ציילן די פֿרילינגס וואָס האָבן אָפּגעבליצט,
און ווי דער מידבר־גלי — געגאַרט האָט אויף רעגן?

מײַן גורל, וואָס האָט אויפֿן וועג זיך פֿאַרשפּעטיקט,
צעברויזט הײַנט מײַן האַרץ, ייִנגער נעמט ווערן.
אַ כוואַליקע רגע אַ יאָר דויערט — געזעטיקט,
און נענטער דער הימל, אַ באַקרוינטער מיט שטערן.

האָסט געקוויקט דעם עפּל מיט זאַפֿט פֿון דײַנע ציין
און פֿון גן־עדן־בוים וואָרצלען גענומען:
וואַקסט אוים אַ גאָרטן ווּ דו קומסט צו גיין
און די מײַיִקע קנאָספּן קושן דײַן פּנים.

1977

## זי שטייט נאָך אַלץ

נישט יעדער שניט שוין פאַרהיילט,
נישט יעדע ווונד
מיט נײַער הויט פאַרצויגן. —
זי שטייט נאָך אַלץ פאַר מײַנע אויגן.

איך פיל פון יענע טעג דעם פלאַם.
ער בריט מיר נאָך דעם גומען.
און איצט —
כ׳בין אַ כוואַליע אויפן ים
וואָס צו קיין ברעג איז נישט דערקומען.

ווער איך אין מײַן אומרוקלעם
צעפּרעסן, ווי פון וואָלפישע ציין
און בײַם שפּיגל כ׳בלײַב פאַרשעמט,
פאַר וואָס איך קאָן זיך נישט פאַרשטיין.

זי שטייט נאָך אַלץ פאַר מײַנע אויגן.

## ווער קאָן פאַרגעסן?

איך זינק צום גרונט
און טויך צוריק אויף.
וועל איך אַ מאָל זיך באַפרײַען
פון די אַרומגערינגלטע כוואַליע-מײַלער
וואָס טראָגן מיך —
אַ מאַסט פון מײַן געזונקענער שיף?

הערט זי מײַן קול?

כ'בין באַרוישט ווי פון אַ חלום-וויג
און זע: —
פון סטעליע דער מנורה-לײַכטער,
מיט פאַרשפּיצטע ליכט-לעמפּעלעך,
און קײַלעכדיקע ליפּן
הייבט זיך אָן קאָלערן —
אַ צעלויכטענער ראָד אַראָפּ באַרג.

די בילדער פון די ווענט,
באַפרײַטע פון די ראָמען —
אַ פליגל-פלאַטער.

דאָס „שטיל לעבן" —
אַ לײַכטער בײַ אַ ליידיקן טעלער
און צוויי רעפּטלעך ברויט בײַם רעטעך —
לאַכן פון מיר.

בײַם „יעגער מיט דער פײַל"
איך זע זיך
צווישן די גראָזן אין דער פאַסטקע.

די סטעליע — אַ וואָלקנזאַק מיט אַ שעפּס —
באַפרייַט זיך פון די ווענט
און לייגט זיך אויפן טעפּעך.
פון זייגערס ציפּערבלאַט
די צוועלף אויגן
קוקן און שווייַגן.
און ז י?

הער איך אירע טריט אויף די טרעפּ?
שטייט זי שוין בייַ דער טיר?
צי איז עס דער שאָטן פון בוים?

אין דער שויב פון מייַן אָפענעם פענצטער,
די זון דורך די צווייַגן — אַ צונג!...

כ'הייב אָן זינקען אין תהום.

דורכן נעפּל — אַ בליץ,
איך הער צישען אַ שלאַנג:
„ביסט געפלויגן אויף דאָנקיכאָטישע פליגל?"

טויכט זי אויף פאַר מיר נאַקעט —
קיין בלעטל אויף די לענדן.
און איך שטויס אויף איר גוף
דעם געפורעמטן פון געטלעכע פינגער.

מאָנאַ ליזאַס שמייכל —
פילפאַכיק אויף איר ליכטיק פּנים.
דער שימער אויף אירע קאַשטן־ברוינע האָר —
אַ באַזונטע קרוין.

דער זאַפט פון אירע ליפּן
ווי פון דער פרוי
וואָס האָט געביסן דעם עפּל...

און תאווה ווייסט נישט פון קיין שלעסער.

ווערן מיר אדם און חוה —
די ע ר ש ט ע אין אַ קנויל פונעם פײַער.

איז ווי זאָל איך פאַרגעסן
דעם גלי פון אירע מאָנענדיקע אויגן?
און דעם טעם
פון די זומערס און ווינטערס
וועט ווער פון אונדז פאַרגעסן?

נאָר ס׳רעדן פון זייגער די ווײַזערס
אַ ניכטערע, אויסגעניכטערטע שפּראַך.

26סטן יולי 1981

## וואָס פאַר מיר האָט געזוניקט

אַ ווונד פון אַ טשוואָק,
פון אַ שאַרף שטיק גלאָז,
פון אַ כירורגס שניט —
דער כּישוף פון צײַט
פאַרהיילט.

נאָר אין האַרץ אַ ריס,
אַן בלוט אַ טראָפּן,
פון גריזשענדיקע פאַרדראָסן —
די ווונד בלײַבט אָפן.

ווײַל וואָס פאַר מיר האָט געזוניקט,
מיט אַש איז פאַרשאָטן...
און דער אומרו אין מיר —
שטעכעדיקע דראָטן.

## שורות פון אַ ליד

עס האָט אַ חלום פון שלאָף מיך צעוועקט
און מיך געלאָזן אין אַ פאַרשיכּורטן וואַקל.
בײַם ווינקל פון פאַרהאַנג
דער שפּראָץ פון באַגינען
האָט מײַן זכּרון צעוואַכט —
און דער חלום —
אין סך־הכּל
האָט זיך באַוויזן
נישט פאַרמעקט:

גאָלדיק צעשפּיגלט
כ'זע אַ געשטאַלט פאַר די אויגן,
ווי געשטאַנען זי וואָלט נאַקעט
און צעפּונקט מײַן בעט —
און איך בין מיט איר
צו די וואָלקנס פאַרפלויגן
צו אַ ליכטיק־צעשטערנטן,
ווײַטן פּלאַנעט.

## פון פולע עמערס

די שווערסטע משׂא
צום שפּיץ פונעם באַרג
ווערט לײַכטער צו טראָגן,
אויב אַפילו פון מײַלן ווײַט
אַ האַרץ צו אַ האַרץ
וועט שלאָגן.

נישט פון ווײַן בין איך שיכּור.
אויף מײַן ווינטערוועג
זומער־פליגל
צו מײַן שוועל האָסט געבראַכט צו טראָגן.
נאָר אפשר האָט אַ חלום מיך פאַרטראָגן,
צי דו אַליין —
אַ שטערנגלי —
האָט צעלויכטן דעם ברונעם
און פון עמערס פולע
איך קוויק זיך מיטן טרונק.

דערפאַר —
איז פאַר מײַן קאָפּ הײַנט צו רוען
ווייך אויך אַ שטיין...

1977

## צום גרונט

איר בריוו צו מיר היינט
האָט מיך נישט איבעררראַשט:
וואָס אַ מאָל האָט געגליט,
געבליבן איז פאַראַשט.
דעם ענטפער וואָס זי מאָנט,
וועט זי הערן פון אַ שטיין:
שוין לאַנג איז געזונקען צום גרונט,
וואָס ס׳האָט געגריזשעט מײַן געביין.

1982

## צוויי מאָסן

איר ליבשאַפט — אָן אַ מאָס.
פון די רגעס די פונקען
האָבן די שעהען צעגליט.
אינעם גלי פון אירע אויגן —
אַ צויבער־רעגן־בויגן.

נאָר איין מאָל, אין אַ ווילדער רגע,
האָט אַ נאַקעטער צאָרן
אין איר זיך צעגליט
אין איין וואָרט —
אַ גלײַיקער שפּיז
געלאָזט האָט אַ וווּנד —
קיין בלוט נישט פאַרגאָסן.

ווי אַזוי זשע זאָל איך פאַרשטיין
פון דער ערשטער
ביז דער לעצטער שעה
דעם איבערשפּרונג פון מאָסן?

## ביים טעלעפאָן

איך שווייַג.
מייַנע אויערן —
פולע מיט פונקען
פון די צעפלאָמטע דראָטן.
זי שטייט מיר פאַר די אויגן.
איר אָטעם —
אַ בלאַנק פון אַ חלום:
„אין וועלכן טייַוול
ביסטו געראָטן?!"

איר קול,
ווי שטיינער פון אַ באַרג צום טאָל:

„...גליִען אין אַ טאָג
איז לענגער ווי אַ יאָר.
שווייַגסט, ווי אַ פאַרגליווערטער שאָטן.
ווי טיף האָסטו באַגראָבן די געפילן?
כ'וויל, זאָלסט וויסן:
כמעט פון אַלץ וואָס כ'האָב פאַרשריבן —
אַש איז געבליבן:
זאָל דער ווינט פאַרטראָגן פון מייַנע לידער
די ניגונים פון די נאָטן.
איך פאַרשעלט און בענטש הייַנט
די שעה וואָס כ'האָב דיך געטראָפן.
ביסט שטום?
ווי לאַנג וועט דייַן שווייַגן מיך שטראָפן?"

מיך וואַרגן מייַנע פאַרשלאָסענע ליפן
נאָר פון אַ שטיין אַן ענטפער —
ווער קאָן הערן?

פאַר מײַנע אויגן איר פּנים
שווימט אין טרערן.
אירע רייד —
אַ באַנדאַזש אויף אַן אָפֿענער ווונד:

„איך ווייס,
אויף קיין רגע עס נישט פאַרגעסן:
איך האָב דיר ווי געטאָן.
זאָל איך צעשנײַדן מײַן צונג
וואָס האָט שוין מײַן האַרץ צעפּרעסן?"

רגעס זי שווײַגט. איך זע:
אַ פּרעגצייכן, דער רויך פון איר סיגאַרעט,
פּליט אַרויס דורכן אָפֿענעם קיכפענצטער.
די גלאַנציקע ברעטער פון דיל
דערציילן פון איר שפּאַנען אַהין־און־צוריק.
בײַם צווייטן פענצטער דורך דער שויב,
פאַרטרויערט איר בליק
צום פאַרכמורעטן הימל מיטן עראָפּלאַן
וואָס פּאַלמעסט אַ וואָלקן־באַרג
און ס'טרײַבל נעמט ציטערן אין איר האַנט.
שטיל זי פרעגט די לעצטע פראַגע:

„בײַם האַפן,
אַ קראַנקע שיף,
דאַרף דערציילן
אַז דער ים איז טיף?"

1983

## פון זוניקע פינגער

אינעם העלן באַגינען
געזען כ׳האָב שנייוויַיסע פליגל
אויף אַ וואָלקן זיך וויגן,
ווי מ׳פאַרוויגט אין אַ וויגל אַ קינד.
געווען בין איך גרייט צו פליִען
אויף די קאַרבן בלויע, אויף שטיגן,
זען וווּ געבוירן עס ווערן
די פרישע אָטעמס פון ווינט.

— פון מיַין היַינט — פון אָט די טרוימען
ווען עס גלוסט זיך,
מעג לאַכן געזונטערהייט!
נאָר זי טראָגט מיך נאָך אַלץ
אויף יענער זיַיט רוימען,
וווּ די שטערן לאַכן
אין צעפינקלטע העמדער
פון זוניקע פינגער געניַיט.

1982

## צו שפּעט

פֿון הערן איר קול,
מײַן אומרו פֿאַרשווינדט
און אַרום מיר — ליכטיק נעמט ווערן.
אירע טריט צעווייגן די שטיגן,
כ׳צאַפּל פֿונעם ניגון
וואָס צעפֿינקלט מײַנע טרערן.
דער פֿאַרכמורעטער הימל,
וואָס גרויט אויף מײַנע שויבן,
העלער נעמט ווערן.
אין אַ רגע,
אַ חלום אין דרימל
קאָן צעבליצן אַ הימל מיט שטערן.

1979

## נישט ס׳ערשטע מאָל

**א**

ווערט איר פּנים אַ מאָל פון מײַנע אויגן פאַרשווינדן?
אין יעדן אָדער פון מײַן האַרץ זי גליט.
ס׳איז אַ ווונד וואָס מ׳קאָן נישט פאַרבינדן,
און זי — אַ בלום וואָס אויך אין פראָסט איז צעבליט.
צו דער טיר וואָס שטייט פאַרשלאָסן
זענען אפשר אַ שליסל די שטומע רייד:
אַ שטערן בלײַבט דען פאַרשלאָסן
אויב אים זעט נישט מײַן אויג אין זײַן ווײַט?

**ב**

כ׳קאָן זיך נישט דערגרונטעווען צו אַ סך־הכּל —
עס בלײַבט פאַר מיר דאָס טיפערע פאַרדעקט — — —
ווי מײַן שאָטן אויף דער וואַנט, כ׳בין אומזיכער, צעוואַקלט,
נאָר ס׳איז איר בליק אין מיר, און כ׳בין פון אים צעוועקט.
גאָלדיק צעשפּיגלט זי שוועבט אַנטקעגן,
און וואָס נאָענטער זי ווערט — זי ווערט אַלץ מער ווײַט;
און זי שווימט אַוועק, אַ נאַקעטע אין אַ שטערן־רעגן —
צו אַ לבֿנה — אַ ציפּערבלאַט, וואָס ווייסט נישט פון קיין צײַט.

**ג**

איך פיל אויף די פּלייצעס שווערע פּעק,
ווי כ׳וואָלט געדזשוויגעט מאַכיקע שטיינער;
נאָר עס שטאַרבט נישט מײַן מוט אויפן וועג,
מײַן טבֿע איז ווײַט פון זײַן אַ באַוויינער.
פון דער צוואַנג וואָס האַלט מיך אין קלעם,
מיט עקשנות כ׳וועל זיך באַפרײַען:
נישט ס׳ערשטע מאָל וועט עס געשען
אַז פון מײַן האַרץ פאַריאָג איך די ווייען.

1981

## זוך נישט

ביסט סם און ווײַן
אין איין פֿלאַש —
איך פֿיל נאָך דעם טעם
אויפֿן גומען:
אויב ס׳וועט בלײַבן פֿון פֿלאַם
אַ באַרג אַש —
זוך נישט דאָרטן מײַן נאָמען.

1981

## אַ בליץ

אין די אותיות,
אין די שורות,
אויפֿן בייגעלע פּאַפּיר —
איך פֿיל איר לײַדנשאַפֿט.
איך לייען דעם בריוו
מער ווי איין מאָל
און עס פֿיבערט יעדער פֿינגער
פֿון מײַנע הענט.
זי רעדט צו מיר
און פֿון איר אָטעם,
פֿון איר קול,
איך בלײַב פֿאַרקלעמט —
און זי שטייט פֿאַר מײַנע אויגן
און איך זע זי —
אַ בליץ.

*

געוועז זענען מיר נאָענט
און איצט — וויי, ווי ווײַט!
וואָס מײַן האַרץ מאָנט
כ׳האָב צום קבר באַגלייט.
געבליבן איז מיר דער טעם,
ער גליט אויף מײַן גומען:
אין מײַנע אָדערן אַ ראָם
פאַררינגלט איר פּנים.

אָקטאָבער 1981

*

דער אומעט דאַרף נישט קיין פּאַספּאָרט:
ער רעדט אַ ים
אָן אַ וואָרט — — —

ער קלעמט אָן צוואַנגען,
ער גריזשעט אָן ציין —
יאָרן לאַנג
ביז ער צעפרעסט דאָס געביין.

אָקטאָבער 1981

## מײַן מוזיק

איוועז

עס איז גוט און ליב אַזוי,
מיט איר שמייכל צו שווימען
אויף כוואַליעס אָן גרענעץ, אָן ברעג.
פון אירע ליפּן די טראָפּנס טוי
לײַכטן זוניק —
אַ פּאַרמעג!
די געבענטשטע שעהען
מיט ליבשאַפט
אַ ניגון
אויף וואָלקנס
פאַרוויגן
דעם צויבער פון אַ רעגנבויגן —
פון שטורעמשפּראַך
געבוירן.

מײַן מוזיק —
אויף סטרונעס אַ בריק
צום ליכטיקסטן שטערן.

## אויפֿן ברוגזן הימל

אויפֿן ברוגזן הימל
איז פֿונעם זוניקן פּנים
קיין סימן,
קיין ליכטיקער טראָפּן
נישט געבליבן.

די טרויעריקע וואָלקנס —
באַרגיקע פֿעלדזן
מיט מגושמדיקע פּאַסן,
ווי צעשטאָכן פֿון די טורעמס,
און געעפֿנט אין זיי די קראַנען
פֿאַר די מבול־שטראָמען
וואָס דערטרינקען די גאַסן.

נאָר פּלוצלינג
האָט דער יונגער טאָג
אויסגעטאָן ס'אַלטע,
נאַכטיקע העמד:
מיליאָנען שויבן
האָבן געעפֿנט די אויגן
און צעבלישטשעט די ליכטשטראַלן
אויף די ווענט און ווענט.

מיטן שליסל בײַם שוועל,
ווי דערשראָקן פֿון די בליצן
כ'גליווער בײַ מײַן טיר
און ס'דוכט מיר —
די דונערס לאַכן איצט פֿון מיר ——

## די גאַס איז פּוסט

נאַכט.
די שטערן —
פולע מיט טרערן —
האָבן די אויגן פאַרמאַכט.

די לבנה
מיט איר צעשראָקענעם בליק
איז שנעל אַנטלאָפן צוריק
הינטער די וואָלקנס.
זיי נידערן צו די קוימענס פון די מויערן,
וואָס שפּײַען מיט רויך און פונקען.

פון די קראָמען די שילדן,
ווי פּויקן און טאַצן,
רײַסן זיך פון די שטאָלענע שטאַנגען
מיט רציחה ביז פּלאַצן,
פאַרטויבן די בלעכענע קלאַנגען.

דער קאַלטער ווינט,
מײַדט נישט
ס׳מינדסטע ווינקעלע אין גאַס,
און מיך
צעוויגט ער ווי אַ שיכּור,
וואָס האָט אויסגעזשליאָקעט
אַ פולע פאַס.

די גאַס איז פּוסט,
דער ווינט קאָלערט
אַ בלעכענע „גאַרבעטש"-קאַן

און שלײַדערט די אָראָפּגעריסענע רינעם.
מײַן נישט־זיכערער שפּאַן,
דערמאָנט מיך אין אַ נאַכט —
אַ ווילדן אוראַגאַן —
אין נאָרמאַנדי־שלאַכטן
מיט פעלדער פול מיט מינעם.

מײַן שאָטן,
ווי כ׳וואָלט אַהיימגעטראָגן
שווערע פּעק,
שווימט זיגזאַגיש
אויפן פאַרפּליוכעטן וועג.

כ׳האָב זיך דערשלעפּט
צו די טרעפּ פון מײַן שוועל,
אונטער נאַסע בלעטער אַ באַרג
פונעם נאַקעטן בוים,
וואָס שטייט בײַ מײַן הויז
ווי מיט אַ צעבראָכענעם קאַרק.

פעברואַר 1982

## אין אַ האַרבסט־טאָג

ווײַסע קרעלן טאַנצן אויפֿן טראָטואַר.
דעם האָגל־ניגון איז מיר ליב צו הערן.
בײַם שוועל איך גאַף ווי אַן אַלטער נאַר,
וואָס זוכט בײַ טאָג אויפֿן הימל אַ שטערן.

מײַנע אויערן זענען פֿול מיט גלעקל־געלעכטער,
וואָס קאָלערט זיך אַראָפּ פֿון די דעכער.
זיי האָבן קיין שום נישט, זיי האָבן קיין וועכטער
און ס׳אַרט נישט דעם האָגל וואָס ער צעלעכערט.

שנעל האָט זיך דער הימל געביטן:
וואָלקנס, ווי אײַזבערג אין ים, צעפֿאַלן בײַם שווימען,
כ׳ווייס נישט אויב דער ווינטער קומט אויף אַ שליטן,
נאָר כ׳האָב געפֿילט זײַן טעם דורך די שויבן באַגינען.

די ערשטע שניי־שטערנדלעך שטאַרבן פֿאַר מײַנע אויגן.
אַ קאַלעמוטנע גראָקייט הילט אײַן דעם אַרום.
דער האָגל איז ערגעץ ווײַט שוין פֿאַרפֿלויגן
און דער דאַך פֿון מײַן הויז איז ווידער שטום.

דער הייזעריקער ווינט זאָגט קדיש נאָכן זומער.
די פֿליכעוואַטע ביימער העלפֿן אים באַקלאָגן.
עס ווערט טונקל. צו מיר קריכט אַ שאָטן אַ קרומער
פֿון בוים בײַ מײַן הויז ווו די צווײַגן זיך שלאָגן.

אָקטאָבער 1980

## אויסגעהוילטע הײַזער

עס וועלקן די בלעטער אויפֿן איינזאַמען בוים,
צווישן ברוכווארג און שטיינער פֿאַרקלעמט:
מאַכטלאָז וויגן זיך די צווײַגן קוים,
אויף דער חרובער גאַס באַליידיקט, פֿאַרשעמט.

אַ מאָל עס האָט מער ווי איין בוים דאָ געבליט
און צעליכטיקט די הײַזער מיט פֿייגל־כאָרן.
עס האָט יעדער זײַן היים אָן פּחד געהיט
און געזען דעם מאָרגן אַ קלאָרן.

זענען געקומען טעג ווי כוואַליעס פֿון ים
וואָס האָבן צעגריזשעט דעם ברעג.
צעבושעוועטע שטורעמס פֿאַרהאַלטן נישט קיין צאַם —
זיי ברעכן דורך בערג זיך אַ וועג.

אין די אויסגעהוילטע הײַזער מיט פֿאַרלאָשענע אויגן
איז שוין קיין איינציקע שויב נישט געבליבן:
ווילדע ברואים קאָנען אויך אַ טורעם צעשטויבן,
עדות — די געגנטן ווו זיי האָבן זיך פֿאַרקליבן.

1983

## ווי פון היטל אַ דאַשעק

דער בייזער ווינט
האָט דעם אָטעם פאַרלוירן
און אַוועק איז אַ מידער
אויף זײַן געלעגער רוען.
פרי האָט דער טאָג
די נאַכטיקייט געבוירן,
ווי פאַרגעסן פון זייגער
די נאָך־ליכטיקע שעהען.

אויפן קלאָרן הימל נאָכן רעגן —
טויערן אָפענע פאַר דער לבָנה,
ווי פון היטל אַ דאַשעק.
די יונגע שטערן
אויף די הימלשע וועגן
כ׳זע זיי דאָרט גלי̇ען — ראַשיק.

## אַראָפּ פון זינען

פון האַרבסטיקן ווינט די ווינטערגרוסן —
מיט פראָסטיקע מעסערס געקומען צו גיין:
מײַן דאַך־אַנטענע, זי ליגט צעבױסן,
פון ווינטישן וואָלף אָן אַ האַרץ און ציין.

דער בוים בײַ מײַן הויז, אַ נאַקעטער אָן בלעטער,
זײַנע צווײַגן אין אַ שיכּורן, אַ ווילדן קאַראַהאָד.
כ׳פּיל אויף מײַן פּנים דעם ווינטס נעגל־פּלאַטער —
די שאַרפע קעלט וואָס שפּיזלט און בראָט.

ער קאָלערט די בלעטער — אַזאַ גבורה אים באַשערט,
מיט אַ פײַפנדיק וואָיען, ווי אַראָפּ פון זינען.
בײַם נאַקעטן בוים — הילפלאָז, פאַרצרהט,
ברעקלעך שאָטנס בײַ דער לוזשע צערינען.

די צווײַגן — אָט נעכטן גאָלדיק באַקליידט —
איצט הענגען זיי אַראָפּ, ווי צעבראָכענע הענט.
איך גאַף אויף די וואָלקנס, ווי בערג באַשנייט
אין אַ ווינטערטאָג, פראָסטיק צעברענט.

די זון געזעגנט זיך מיטן קאַלטן טאָג.
אַ קאָלעמוטנע גרויקייט פאַרהילט די שויבן.
דער ווינט הערט נישט אויף האַלטן אויף דער וואָג,
פון האַרבסט ס׳גאָלד וואָס ער איז געקומען רויבן.

# צו פיל מיט אַ מאָל

צו פיל מיט אַ מאָל
האָט גאָט אים געשיקט
גאַסן און וועגן פאַרדעקן.

שוין דעם צווייטן מעת־לעת,
ווי דער שאַרפער ווינט
ביז פּלאַצן
יעדן ווינקל האָט אָנגעזויגן.
כ׳וואַרט אויף אַ נס —
די זאַווערוכע אין שטאָט
נאָר פאַרן ים זאָל טויגן.

דער ווײַסער בער
האָט פאַרשפּאַרט מײַן טיר,
ווי מיט לאַפּישע נעגל זי געריסן.
דורכן צעעפנטן פענצטער
כ׳בין געקראָכן אויף אַלע פיר,
געקומען מיטן רידל
אים באַגריסן.

איך ווייס אַז בײַם שוועל
פאַראַן זענען טרעפּ
מיט שוויים כ׳האָב זיי ענדלעך געפונען.
מיטן רידל איך וועל,
מיט שניי אין אַ געוועט —
נישט וואַרטן ביז ער וועט ווערן צערונען.

## אין אַ ווינטערטאָג

דער ערשטער שניי,
אין כּישופֿדיקע רעדלעך,
ווי אַראָפּ פֿון זינען,
איז געפֿאַלן אַ צעווירענער,
אויפֿן וועג אַראָפּ,
אָן דעם ווײַסן בלענד —
אַ מפּיל־געבוירענער,
נישט דערלעבט דעם באַגינען.

הײַנט, אין דער שפּעטער נאָכמיטאָג־שעה,
איז די זון געקומען
מיט אַ פֿאַרשלאָסן האַרץ
פֿאַר די ווינטערטעג.
צווישן וואָלקנס גרויע,
אַ מידע פֿון וואַנדערן,
קוים־קוים פֿון אַ טאָל אַרויסגעשווומען
צו אַ באַרגיקן וועג.

שרעקט מיך מײַן געגנט
מיט די בית־עולמדיקע גאַסן,
געהילטע אין אײַז
פֿונעם פֿרימאָרגנדיקן שפּרײַרעגן.
פֿון די צעוויגטע ביימער
די שאָטנדיקע פֿאַסן
האָבן מיט די לעצטע בלעטער
פֿאַר טאָג זיך געזעגנט.

מיט דער נאַכטיקייט איז געקומען
דער מעסער־שאַרפֿער ווינט
ווי אויף פֿראָסט־צעגליטע פֿליגל.
אויף אַ טײַך־קאָליר־געפֿרוירענעם הימל,

ווי צעשראָקענע שעפּסענע אויגן
די שטערן אַצינד
ציטערן בײַ דער לבנה —
אַן אויער פֿון אַ קריגל.

1981

## זי האָט מיך דערמאָנט...

מײַן נאָענטסטער און ליבסטער איז שווער צו פאַרשטיין,
פאַר וואָס כ׳דריי אַוועק דעם קאָפּ פון אַ נאַקעטן בוים.
מיר גייען און שווײַגן. כ׳פּרוּוו פאַר איר באַהאַלטן מײַן פּײַן
וואָס יעדער בוים האַלט אין פאַרלירן זײַן קרוין.

דער האַרבסטיקער ווינט טוט פון די צווײַגן די בלעטער אַראָפּיאָגן,
די גומענע רעדער וואַלגערן זיי מיט זאַמד און האַס.
די ביימער וויגן זיך, וואַרפן זיך און קלאָגן:
וואָס פון זייער געביין עס ווערט אויף דער גאַס.

דעם וועג אויף צוריק — צווישן ביימער אַ סך —
כ׳פּרוּוו אים, כ׳וויל אים פאַרמײַדן.
כ׳זאָג איר: כ׳דערפיל פון די ביימער די שפּראַך.
צערטלט איר שמייכל: מײַן גאָט, ווי דו ביסט באַשיידן!

## אויף אים געוואַרט

דער ערשטער שניי האָט זיך פאַרשפּעטיקט,
ווי ס'וואָלטן די רעגנס פאַרהאַלטן אים דעם וועג.
און איך בענק מײַן אויג זאָל ווערן פול געזעטיקט
פונעם פוכיקן בליאַסק אין ווינטערטעג!

מיט ווײַסן פליטער איך וואַש איצט מײַן פּנים
און דער בליאַסק אויף מײַן גוף ווערט שנעל צעריבן.
איך זע דאָן אין שפּיגל די העלע סימנים
וואָס זענען אויף מײַנע באַקן געבליבן!

## כ׳וועל זיך זעטיקן

די זון האָט צעשמאָלצן די פּוכיקע שניידעק
און ווי מיט טעמיקן ווײַן מײַן גאָרטן אָנגעטרונקען.
פון די צווײַגן, מיט סימנים פון פראָסטיקע טעג,
ציטערן די שאָטנס אין די צעראָיעטע ווינקלען.

געבליבן זענען בײַ די קוסטעס לעכער און גריבער,
וווּ דער שטורמישער פּיסק האָט די וואָרצלען געריסן.
שוין נאָך אַ מאָל ווי כ׳צייל זיי איצט איבער —
ברענג זיי, מיט פרייד, די פרילינגדיקע גרוסן.

דאָ האָט געווינטערט דער שניי אָן אַ באַריר,
נישט ווי מ׳האָט צעטאָפּטשעט זײַן פּנים אויף גאַסן.
זײַן גלאַנץ האָט געבליאַסקעט אין פראָסטיקן פריר,
אין די רונדע קאַרבן און אין בערגלדיקע פּאַסן.

געוויגט האָבן זיך אויף די צווײַגן ליכטלעך פון אײַז,
כאָטש נעם אַ שוועבעלע און טו זיי אָנצינדן.
כ׳וועל נישט זשאַלעווען מײַן גאָרטן מי און שוויים —
מיט רידל און קערנער כ׳וועל פאַרהיילן זײַנע ווונדן.

די קוסטעס גלײַכן אויס זייערע דערוואָרעמטע גלידער.
די צעפּלאָשעטע גראָזן פונעם שלאָף דערוואַכן.
מיט בלומען כ׳וועל זיך זעטיקן, ווי מיט פּשוטע לידער,
וואָס זענען מחיהדיק אויף אַלע שפּראַכן!

אַפּריל 1979

## ווינטער דורך מײַן פענצטער

ביַי נאַכט האָט געשטורעמט.
דער ווינט
האָט הויקערדיקע בערג
און בערגלעך געפורעמט,
צעוויגט די שילדן אויף די שטאַנגען
און צעוויכערט די שטאָלענע קלאַנגען.
ער האָט די קעפּ פון די ביימער
פאַרוואַנדלט אין פעכערס
און מיט ווײַסקייט פאַרשאָטן
פון קוימענס די לעכער,
פון טרעפּ בײַ די שוועלן —
אַ קאָנטור בלויז, אַ סימן
און מיט אַ געשליפענעם זילבער
באַצירט דעם באַגינען.
איצטער אין פוכיקן, אין רויִקן בלענד,
שימערט דער בליאַסק אויף מײַן גאַס
אין איר שנייוויַיסן העמד.

## ערבֿ נײַיאָר

נישט ווײַט פֿון מײַן הויז
געבליבן בין איך שטיין בײַם בוים
מיט די הוילע צווײַגן,
וואָס אויסגעטאָן זיי נאַקעט
ס׳האָט דער שנײַדנדיקער ווינט.
די ליידיקע גאַסן
זענען געוואָרן מיר פֿרעמד.
מײַן שאָטן לויפֿט, ווי עמעץ וואָלט אים יאָגן,
און פּאָר מײַנע אויגן —
די געשטאַלט פֿונעם נאַקעטן בוים.
דוכט זיך, ער האָט געבעטן בײַ מיר
אַ מאַנטל אָדער אַ העמד,
די אָדערן אין זײַן האַרץ
זאָלן נישט ציטערן פֿון קעלט.



וואָלקנקאַרבן
זילבערדיק באַמאָלן,
ווי כּישוף־בערג און טאָלן,
אויפֿן הימל ווערן געבוירן.
די לבֿנה פֿאַרשווינדט
און אויף אַ שטערנבריק
זי קומט צוריק,
ווי פֿון קלעטערן און שווימען —
בלאַס און מיד.
מיט בענקשאַפֿט זי זוכט,
דעם שפּראָץ פֿון באַגינען
מיט זוניקייט צעבליט.

## די לבנה — אַ צעשפּאָלטענער טעלער

עס וואָיעט דער ווינט
מיט אַ וואָלפיש־קול,
ווי מ׳וואָלט פון זײַן פּיסק
די ציין געריסן.
די חלפדיקע קעלט
און דער מבול —
גאַסן און סקווערן
ווי מיט שלעסער פאַרשליסן.

וואָלקנס לויפן גאַלאָפּ,
זוכן אַ ליכטיקן סימן.
אָן דעם זוניקן קאָפּ
דער הימל —
אַ פאַרכמורעט פּנים.

אין אַ צעווייקט העמד
די נאַכט איז געקומען.
מיליאָנען שויבן
האָבן געעפנט די אויגן.
ווי פון האַרבסט אַ צווילינג,
די ערשטע טעג פון פרילינג —
זענען ווײַט פאַרפלויגן.

דעם בוים בײַ מײַן הויז
האָט דער רעגן צעצוואָגן.
אויף די דערפרישטע קוסטעס אין גאָרטן —
קיין סימן פון שטויבן.
כ׳הער די רייד פון דער מאַמע־טויב,
צו די קינדערטויבן.

אויף מײַנע טרעפּ דער שאָטן
שוין דינער און שמעלער.
אַ בליץ האָט געבראַכט
אַ דונער צו טראָגן.

דורך די נאַקעטע צווײַגן,
די צעשראָקענע לבנה —
אַ צעשפּאָלטענער טעלער.

26סטן מאַרץ 1983

## געסט בײַ מײַן טיר

כ׳האָב הײַנט געטראָפֿן צוויי געסט בײַ מײַן טיר —
געסט, וואָס האָבן געציטערט פֿון קעלט.
איך האָב געקוקט אויף זיי און זיי אויף מיר,
ווי אויך זיי וואָלט אָטעם געפֿעלט.

איינע האָט געמאַכט אַ שפּאַן צוריק,
כ׳האָב נישט געגלויבט מײַנע אויגן:
האָט איר געוווּנדערט מײַן חידוש־בליק
ווען כ׳בין געשטאַנען פֿאַר זיי געבויגן?

פּאַמעלעך האָב איך אויסגעשטרעקט די הענט,
די יונגינקע פֿון דרעמל צעוועקן:
מיט טויבן בין איך קיין מאָל נישט פֿרעמד —
כ׳וועל זיי, חלילה, נישט שרעקן.

אויף די טרעפּ האָט גערוט אַ פֿוכיקער שניי,
ווי פֿעדערן פֿון יונגע טויבן.
די לבנה האָט באַלויכטן אונדז דרײַ
און געגלעט פֿון מײַן טיר די שויבן.

כ׳האָב מער נישט געפֿילט ווי דער פֿראָסט האָט געברענט,
שנעל גענומען מײַן טיר אויפֿרײַסן:
בלוט האָט געטריפֿט אויף מײַנע פֿיבערדיקע הענט,
פֿון קליינינקן טײַבעלע, דעם שניי־ווײַסן.

— ווער האָט דיר, טײַבעלע, די וווּנד געמאַכט?
ווער די מאַמע־טויב מיר דערציילן?
האָט דער שטורעם אײַך צו מיר געבראַכט
איך זאָל דײַן וווּנד פֿאַרהיילן?

אַ טויבנשלאַק וועל איך בויען אויפֿן דאַך פֿון מײַן הויז:
מיט אײַך וועל איך אפֿשר רו געפֿינען.
ווען דו, טײַבעלע, וועסט ווערן גרויס —
האָב מיך אויך אַ מאָל אין זינען.

15טן יאַנואַר 1965

*

אַ ווײַס־פּוכיק וואָלקנדל
אַ טעפּעך פֿאַר דער לבֿנה —

שווימט ווי חוה אין אַ פֿײַגנבלאַט
און פֿאַרמילכיקט דעם טײַך.

איר פּנים — אַ נאַכטיקע זון —
טראָגט דעם הימל אויף פֿליגל.

אַ צעבלישטשעטשעטער שטערן
גליט פֿון תּאווה.

און איך קוק אַרויפֿצו
מיט קינאה.

1981

## געבליבן אין מײַן בלוט

ס׳האָט מיך אַ חלום פאַרטראָגן צום רויש פון מאַשינען,
ווו לאַנג בײַ זיי האָרעווען איז געווען מיר באַשערט.
ס׳האָט אַ קאַשמאַר מיך צעוועקט אין גרויען באַגינען —
כ׳האָב פון מאַשינען אַ צעווילדעוועט רעווען געהערט.

אין שאַפּ זענען צעפליגלט צענדליקער פּאָר הענט.
פון מאָטאָרן דער ניגון רײַסט זיך צו די פענצטער־גראַטעס.
אין חלום כ׳האָב דעם פּרצוף, דעם באַקאַנטן דערקענט,
געהערט ווי ער וואָרנט: — **דאָ נאַיט מע נישט קאָ שמאָטעס!**

כ׳האָב געוואָרפן אַ בליק צום טישל מיטן זייגער,
זײַנע פינגער, די ווײַזערס, זענען מיר גוט באַקאַנט.
שנעלער ווי אַ וויכער, לויטן אַלטן שטייגער,
פון מײַן וואַרעם געלעגער כ׳האָב אַרויסגעשפּאַנט.

די נאַכטיקייט האָט נאָך געהילט די טויִקע צווײַגן.
ברייטער דעם פענצטער כ׳האָב אויפגעמאַכט.
געווען בין איך גרייט פאַר דער שטילקייט זיך פאַרנייגן,
נאָר דאַן האָט דער זייגער פון מײַן אַמאָל זיך צעלאַכט — — —

## מײַן שכן

שוין װאָכן, װי כ׳זע אים אַ פֿאַרטראַכטן,
אין זיך אַ פֿאַרמאַכטער
אױף זײַן אײנזאַמען שפּאַציר
דער שליסל —
זײַן געטרײַער װעכטער —
אפשר װעט זי
עפֿענען די טיר?

ער איז יונג
און װי פֿון מידקײט געבױגן
מיט אױגן װאָס זוכן
װאָס האָבן אַ פֿאַרמעגן פֿאַרלױרן.

ער בלײַבט שטײן בײַ איר בילד
װי געזונקען
און פֿילט אין די אָדערן
פֿון אירע אױגן די פֿונקען —
אין האַרץ זײַנעם זײ גליִען.

צו אים רעדט איר געשטאַלט,
מיט פּערל אין די אױגן:
„געװען איז דײַן טױנג
פֿון אַ יעגער אין װאַלד,
אַהין —
געװאָלט האָסטו מיך פֿירן!"

„עס װעט קײנער מײַן מוט נישט פֿאַרראַשן,
װי לאַנג מײַנע אױגן זענען ניכטער:
אַ גורל איז נישט װערט קײן גראָשן

אויב טאָגטעגלעך —
אים מישפּט אַ ריכטער!..."

פון יעדן ווינקל ער הערט איר קול,
אירע רייד — אַ שטורעם.
ס'וואַכן אויף אינעם דמיון די אַמאָלן —
ער קאָן זיי נישט פאַריאָגן.
אין אַליינקייט
האָט דער שלאָף פאַרלוירן
דעם אַדרעס פון זײַנע אויגן.
עס העלפט נישט דאָס פלעשל,
די טראָפּנס די לעצטע אינעם כּוס — — — —
אים גריזשעט אַ פאַרדראָס
און מיט זיך ער איז אין אַ געפּעכט,
פון זײַן אַ געפּענטעטער קנעכט,
ווי אַלץ אַרום
געוועזן וואַלט שטייניק.

איך קען נאָר זײַן ערשטן נאָמען
און וואָס כ'הער פון שכנים.
נישט גרייט בין איך זיי צו גלויבן:
אויך אויף ריינע מענטשן
קאָן אַ ווינטל פאַרטראָגן שטויבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

הײַנט האָב איך אים געטראָפן
נישט אַליין:
זי — אַ בוים אין בליִען.
ער איז נישט געגאַנגען,
ווי כ'פלעג אים זען, געבויגן —
ער האָט זיכערע טריט געשטעלט.

כ׳האָב געזען אינעם גלי
פון זײַנע בלויע אויגן,
וואָס ס׳איז געווען אים אַ מאָל
שטאַנדיק פאַרשטעלט.

## אַ בילד אויף דער וואַנט

פון די ליכטלעך אין קעסטעלע זאַמד —
שנירלעך וואַקסענע טרערן פליסן.
אין טינטער, ווי אַ פּײַל די פען. אַ שאָטן שפּאַנט
צום בריוו, וואָס ליגט צעריסן.

די פלאַש, ווי אַ טויטער פיש, בײַם ליידיקן כּוס.
ברעקלעך פון פלעצל ווי צעשאָטענע נאָטן.
איך זוך אין בילד די פאַרלוירענע מאָס —
ווו ס'בלוט אין די אָדערן האָט געזאָטן.

פון אַ בערגל עפּל שלענגלט זיך אַרוים אַ שלאַנג:
גרייט פון פולן טעלער צו שלינגען.
זי קוקט צום זייגער, אָן ריטעם, אָן קלאַנג,
ווו ס'הענגען, ווי מעשענע צעפּ, די קייטן־רינגען.

פון בריוו דער קאָנווערט — אַ דערוואָרגענער פון פויסט —
ביז צום פלאַצן אָנגעלאָדן מיט צאָרן,
דערציילט פון אַ הארץ כוואַליק צעברויזט
וואָס אין מינדסטן ווינקל בליִען א י ר ע שפּורן.

יוני 1980

## אַהיימגענומען

כ׳האָב היינט אַ סך חן געפונען
אין די קנייטשן, אין די קאַרבן
פון אַ צעלויכטן פנים,
ביי דער מאַמען, דער געטרייער,
צו אירע צענדליקער קינדער,
ווען די טויבן האָבן קערנער געשלונגען
און זי אַרומגערינגלט
ווי אַ ראָד.
אין פּאַרקל כ׳האָב זיך געזעטיקט
ווען טויבן שטילן דעם הונגער,
און אַהיימגענומען
דעם צויבער און באַוווּנדער
פונעם גינגאָלד־האַרץ
אין דער פאַרשטיינטער שטאָט — — —

מיי–יוני 1980

## איך מײַד אויס

איך מײַד אויס פּענצטער וואָס ווערן פּאַרלאָשן.
האָב פײַנט די צורה פון בלינדע ווענט.
פאַר אַן אימהדיק הויז וועל איך נישט געבן קיין גראָשן,
אויף יענקיש זאָגט מען: אַ רויטן סענט.

איך האָב געשפּאַנט אויף אַ גאַס, ווי אין אַ הייל אַ טיפן.
אַ יונגער שיכּור האָט געפּרוּווט זײַן טיר געפינען.
איך האָב געזוכט אַ לאָמפּ וואָס האָט די שויב געשליפן,
און די שאָטנס קריכן נישט ווי שפּינען — —

סעפּטעמבער–אָקטאָבער 1978

## אין אַ הייסן טאָג

וואָלקנס ווי זעק אויף מידע פּלייצעס פון זקנים,
שאַרן זיך אויפן בלייַקאָלירטן הימל.
די חמימה האָט פאַריאָגט פון גאַס מיַינע שכנים,
און היץ די היַיזער, אין פאַרחלשטן דרימל.

פון די זוניקע פעדעם ווערן צעגליטע צעפּ,
געפלאָכטן מיט פיַיערדיקע פינגער,
איך שטיי אַ באָרוועסער ביַים שוועל, דריַי שפּאַן צו די טרעפּ,
מיט פאַרשפּיצטע בוימשאָטנס, ווי דורשטיקע צינגער.

די בלעטלעך אויף די צווייַגן האָבן די גרינקייט פאַרלוירן,
דער באַיאָרנטער בוים ווי אין אַ קלעם, אָן אָטעם.
די צוויַיגן אָן כּוחות, ווי זיי וואָלטן טרויערן
אויפן פאַרשווונדענעם ניגון אין צעוויגטן ריטעם.

איך בענק נאָך אַ ווינטל — אָן אָטעם פון אַ געגנעץ —
וואָס זאָל די צוויַיגן כאָטש אַ ביסעלע צעוויגן,
אַ קרישקע כאָטש — אויב נישט קיין פענעץ —
און אָנזאָג, אַז די בלעטלעך האָבן מער כּוח ווי פליגן.

די ריטשקעס שוויים ווערן צערונען:
ס'איז תּמוז, און דער הימל ווייסט,
אַז ער האָט זיַינע פיַיער־פעדעם
אין דער שטאָט אַריַינגעשפּונען.

יולי 1981

## נאָכן רעגנדל

נאָכן צעפּיעשטשעטן רעגנדל
דאָס ווינטל —
אַ געליבטערס ליפּן.

אויף די קאָסמישע וועגן
דער בלאַנקגלי פון שטערן-אויגן
האַלט מיך וואַך.

וואָלקנקאַרבן, זילבערדיק באַמאָלן,
ווי כּישוף-בערג און טאָלן —
אויפן הימל ווערן געבוירן.

אין מײַן געגנט די שטיבלעך שלאָפן.
אויף מײַן שפּאַציר כ׳בין נישט אַליין:
מײַן שאָטן נאָענט צו די טריט.

הינטער אַן אַנגעפּוישטן וואָלקן
די לבנה פאַרשווינדט
און קומט צוריק —
בלאַס און מיד.
דוכט זיך,
ווי איך,
מיט בענקשאַפט זי זוכט
דעם שפּראָץ פון באַגינען.

## יעדעס גרעזעלע

פון די שכנים די נײַע מיר'ן מוזן אַנטלויפן,
אַ ליַיטישע געגנט ערגעץ־ווו געפינען.
ווײַט פון אַ דזשונגל, מיט שדים וואָס זויפן
און שאַטנס, וואָס העקלען ווי שפּינען.

איך טראַכט פונעם גאָרטן — מײַן זומער־גן־עדן,
וואָס האָט אָפט מאָל מיך צום שרײַבטיש פאַרטראָגן:
מיך שרעקט דער טאָג מיט אים זיך צו שיידן
און יעדעס גרעזעלע זאָל הערן קדיש זאָגן.

כ'פּרוּוו פאַריאָגן פון געדאַנק וואָס פון די בלומען וועט ווערן.
די ביימער, דוכט זיך, זיי שטייען שוין פאַרקלערט:
„ווער וועט אונדז ניאַנטשען, ווי דיר איז גערן? —
אויך אַ גאָרטן איז פאַרשניטענע יאָרן באַשערט?"

מײַ 1982

## אין סאַבווײ

נישט אויפֿן שרײַבטיש,
מיט שופֿלאַדן און אַ בענקל, —
אין דער סאַבווײ, ווי אין אַ שטײַג,
אויף דער קני כ'האָב פֿאַרשריבן:

נאָך די פּײַפּסיגנאַלן, דעם קאָנדוקטאָרס קול,
שאַרפֿער ווי די ציין פֿון אַ זעג,
אַ פּחד די פּאַסאַזשירן איז באַפֿאַלן —
אין דער פּלוצלינג-פֿאַרטונקלטער, אַלטער באַן.

אין געפּראַפּטן וואַגאָן —
שטייענדיקע סאַרדינען,
מיט שווייסטראָפּנס —
פֿונקען אויף די פּנימער.

די באַן קריכט אויף די סקריפּנדיקע רעדער,
נישט ווי אויף שינעס, נאָר ווי אויף שפּיציקע שטיינער.
פֿול מיט שטויב-קאַרבן, די פֿאַרגראַטעטע לופֿטקילערס —
ווי אין העלדזער אַ דערוואָרגענער אָטעם.

פֿאַר די מידע מענטשן
פֿון אָפֿיסעס און שעפּער,
די סאַבווײ — געפּרעסט ווי אין אַ מאַנגל
מיט הייסע גאַזורערן.

אינעם לאַנגן טונעל, מיט לעמפּלעך ווי טראַכאָם-אויגן,
זי טוט אַ צאַפּל-ציטער און בלײַבט שטיין;
די דריטע רעלס, די עלעקטרישע שלאַנג,
פֿאַרסמט די אָדערן פֿון מאַטאָרס האַרץ.

כ׳זע מער נישט די אָדערן אויף די גערויבענע הענט
אין די שוויים־צעוויקטע רימענס פאַרפויסט:
זיך ראַטעווען —
ביז די טירן וועלן זיך אַרײַנשארן צווישן די ווענט.

## אַ פרילינג־גאַסט

ס'האָט דורכן פֿענצטער דער שאַרפֿער ווינט
פֿונעם אָפֿענעם בוך פֿלינק געמישט די בלעטער,
איין פֿאַרהאַנג־פּאָלע אויפֿן האָק קונציק פֿאַרשפּינט —
די צווייטע — פֿאַרוואַנדלט אין אַ פֿעכער.

פֿול איז מײַן צימער געוואָרן,
ווי שדים וואָלטן אַרײַנגעפֿלויגן:
נישט געלאָזט אויף מײַן שרײַבטיש קיין שפּורן,
נאָר שטוינונג אין מײַנע אויגן.

נישט איך האָב פֿאַרגעסן, ס'איז אַ שפּאַן שוין צום זומער,
צעבורעטע ווינטן ווערן זעלטן געבוירן.
דעם ווינט כ'וויל עס דערמאָנען, נאָר כ'שטיי ווי אַ שטומער,
וואָס האָט אויפֿן וועג דעם אַדרעס פֿאַרלוירן.

ער צעוועקט די שעפֿסן אויפֿן בילד אין דער ראָם,
ווי דער פּאַסטעך לויפֿט מיט צעפֿליגלטע הענט
צום שנייוויַיסן שטיבל, בײַם בוים אויפֿן פֿאַרם,
ווי פֿונקען פֿון קוימען ס'דעכל צעקעמט.

אין עטלעכע רגעם זײַן גבֿורה באַזיגט:
דאָס פֿענצטער פֿאַרמאַכט. די רעגן־דימענטן אַנטרינען.
דעם פֿרילינג־גאַסט, ווער ס'האָט אים געשיקט, —
אַ בעלן געווען כ'וואָלט איצט צו געפֿינען.

אַפּריל 1979

## איך מײַד אויס דעם שפּיגל

דער בליץ,
וואָס האָט געטראָפֿן דעם באַיאָרנטן בוים,
נישט ווײַט פֿון מײַן הויז —
זײַן גוף האָט צעשפּאָלטן.
דער דונער,
וואָס האָט דעם בליץ באַגלייט,
ווו ליגט ער באַהאַלטן?
אינעם גרוב בײַם בוים,
אין קבר בײַם שטאָם,
מיט צעגריזשעטער הויט
פֿון פֿײַער און פֿלאָם?

צו די שויבן פֿון מײַנע פֿענצטער,
אין די הילצערנע רעמען —
ווי דערגרייכט וואָלטן צינגער
פֿון אַ נאָענטן גיהנום.

פֿון די דונערס
כ׳פֿיל דעם צאַפּל און ציטער
פֿון די בילדער אויף די ווענט.
איך מײַד אויס דעם שפּיגל —
ס׳איז מײַן פּנים
אין אים מיר פֿרעמד.

## דערמאָנונג

אויפֿן טראָטואַר זינגען אירע טריט.
די צעוויגטע קופּער־קאַליר־לאָקן
אָטעמען מיט פֿײַער.
איך גאַף אויף איר פּנים,
ווי אַ בלום צעבליט
און יעדע בלום —
ווי מײַן אײן־און־אײנציקער זון
מיר איז ליב און טײַער.

אָט ווי נעכטן:
זי,
די קלענסטע איז געווען אינעם קינדער־ראָד,
מיט מײַן יינגעלע בײַם שוועל,
ווי פֿון אַ בינשטאָק ס׳זשומען.
הײַנט,
אַז זי שוועבט דאָ פֿאַרבײַ,
די כּלה־מויד כ׳באַוווּנדער,
און זוך אין זכּרון —
איר נאָמען.

*

נישטאָ נאָך אַזאַ פֿײַער
ווי אין די אויגן צוויי,
וואָס געזען כ'האָב אַרײַנגלײַען
אין אַנדער צוויי.

אויף שפּיצפֿינגער
מיט איר הענטל אויף זײַן אַקסל,
די באַקן אין תּאווה צעגליט.
און איך —
דערמאָן זיך אין מײַן בענקשאַפֿט.
נאָר דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער ליד.

## צוויי ביימער

כ׳בלײַב שטיין בײַם יונגן בוים,
א פייגלכאַר זינגט
און א דיריגענט.

דאָס מילדע ווינטל
מיט וואַרעמע ליפּן
קושט זײַנע בלעטער.

ווי אויף וואָגשאָלן
וויגן זיך די צווײַגן
מיט א פרילינגדיקן ניגון.

*

דער פאַרשלאָפענער בוים
מיט זײַן שפּיציקן פליך,
דערמאָנט אין א זקן
מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן.

זײַנע מאַכטלאָזע הענט —
און בלעטלעך די צווײַגן —
קוקן אויפן שכן
און שווײַגן.
קלעמט מיך בײַם האַרץ
זײַן אויפהערן גרינען.
כ׳וועל מײַדן די זעג און האַק
וואָס וועט אים אָפּגעפינען.

## אין דער שפּעטער שעה

אין דער שפּעטער שעה, דער אַלטיטשקער אין גאַס,
צעשיקט סיגנאַלן מיטן סוקעוואַטן שטעקן.
ס׳צוקן זײַנע אַקסלען, דער זקן איז אין כּעס,
ווי זײַן אייגענער שאָטן וואָלט אים שרעקן.

ער גייט ווי אויף אײַז פון אַ באַרג אַראָפּ,
קוקט זיך אַרום און בלײַבט שטיין געבויגן:
ווי אַ זייגער־אומרו זײַן צעוויגטער קאָפּ —
און ס׳פײַכטן זיך מיט טרערן זײַנע אויגן.

איך ווייס זײַן אַדרעס און באַגלייט אים אַהיים
צו זײַן פאַרחושכט שטיבל, אַ שפּאַן פון אַלטן מויער.
דאַכט זיך, דאָ ווייס שוין יעדער שטיין
פון זײַן האַרץ — דעם גריזשענדיקן טרויער:

נישט ס׳ערשטע מאָל וואָס זײַן ווײַב איז אַוועק
און אַ פאַרשיכּורטע — צוריק געקומען.
הײַנט גייט ער אַרום, ווי אויף צוויין פון אַ זעג,
און ער שעפּטשעט אינעם פּוסטן הויז איר נאָמען.

## אין אַזאַ פֿרימאָרגן

די טרערן אויף די שויבן
דערציילן אין פֿרימאָרגן
וואָס פֿאַר מיר איז פֿאַרבאָרגן.

דער פֿאַרכמורעטער הימל —
אַ האַרץ אָן גלויבן
אין פֿאַרשאָטנטע אויגן.

די ווײַזערס אויף דער וואַנט —
שוואַכע זקנים
וואָס גייען נאָך אָן אָרון.

## דער גאַסן־פידלער

מיט צעפּיבערטע פינגער די סטרונעס ער צעגליט,
מיט די טרערן פון זײַן האַרץ —
פול מיט דורשט און הונגער —
וואָס האָט אפשר אַ מאָל
אין זאַטקייט געבליט.

זײַן איינזאַמען טרויער
ער דערציילט אויפן פידל
בײַם חורבה־שטיבל הינטערן טויער
ווּ ס׳וואַרט אויף דעם אַ רידל.

זײַנע לאַנגע, צעשויבערטע האָר
גאַרן נאָך שטאַרקע ציין פון אַ קעמל
און נאָך זייף און וואַסער.

פונעם שפּילן — זײַן צעוויגטער גוף —
ווי אַ ביימעלע אין שאָטן
וואָס לאַנג שוין פאַרגעסן האָט
דעם טעם פון בלִיען.
אינעם אָפענעם פידל־שאַכטל,
אַרום דאַרן זעמל אויפן בויגן נאָטן
פאַריתומטע מטבעות גליִען.

אין שמאָלן געסל
האָט זײַן ניגון מיך געפאַנגען.
כ׳קוק אויף זײַן פאַרמאַכטן אויג —
אַ פאַרלאָשענער שטערן,
ווּ אַ טרער טוט דאָרט הענגען.

נאָר נישט דער איינציקער כ׳בין
וואָס זײַנע ניגונים באַוווּנדער:
אין אַ האַלבקרײַז
אויך די אַנדערע הערן.
אָבער מיר דוכט זיך:
ער שפּילט פֿאַר מיר באַזונדער
דעם ניגון פֿון מײַן געמיט,
דעם שווערן.

## „אַ גרוס פון ניו־יאָרק"

אין חלום כ׳האָב געלייענט אויף דער וואַנט אין מאַרג
אַ ליד מיט בלוט געשריבן.
דער נאָמען פון ליד: — „אַ גרוס פון ניו־יאָרק",
פון קרבן אין סאָבוויי געבליבן.

אין די פינצטערע היילן די רעלסן ווי שלאַנגען
קריכן צו די פענצטער און טירן.
צו אַ טיפן זומפּ די באַן איז דערגאַנגען
און ווידוי הייבן אָן זאָגן פּאַסאַזשירן.

עס וואָרגט אַ פּחד אין נאַכטיקע שעהען:
די שטאָט איז פול מיט פּאַרדזשונגלטע פּלאָגן.
וואָלקנס — שוואַרצע פליגל פון קראָען —
איינער דעם צווייטן טוען איבעריאָגן.

פאַר מײַנע אויגן בלאַנקט דעם רוצחס מעסער.
אין חלום — כ׳בין שוין אויף אַ שיף וואָס נעמט זינקען.
עס טראָגן מיך כוואַליעס — פלאַמיקע פעסער —
צו אַ קבֿר בײַם ברעג פון זשאַר און פונקען.

1983

## דער אַלצווייסער

ער מיינט זײַנע ווערטער
זענען רינגען פֿאַר אַ גאָלדענער קייט.
מ׳רופֿט אים — דער אַלצווייסער:
„פּרץ מאַרקיש איז אַ שמײַסער
און דוד בערגעלסאָן שווימט אין רייד״;
און:
„אויף אַ שטיין מיט פֿליגל פֿון אַ קאַטשקע
איז געפֿלויגן שלום אַש״.

ער דערציילט פֿון פֿאַרלאָשענע שטערן
וואָס האָבן אים געלויבט;
אין זיסע חלומות
אים פֿעלט נאָך ביאַליקס נאָמען...

פֿונעם געלן קאָזע־בערדל,
וואָס פֿאַרדעקט די גוידער־טרעפּ,
ער מעלקט אויס אַ האָר —
אַ ספּרונזשינע צווישן צוויי פֿינגער.

זײַנע פֿאַרכמורעטע אויגן —
שפּעלטלעך אין פֿײַכטער קאָרע
פֿון אַ בוים בײַ אַ חורבֿה
אין אַ זומפּ.

ער קומט אָפּט אין שטאָט
און מיט פֿען־חבֿרים —
באַוווּסטע נעמען,
מיט אָנשטעל — פֿאַנבראַטיש.
זיי שמייכלען פֿון זײַן טאַלאַנט —
אַ קאַפּעליוש אויף אַ קוימען.

## איינער אַזאַ

ער האָט שוין ווידער
אין דמיון צונויפגענומען
אַ מנין נײַע שׂונאים
און אונטערן בעט זיי באַהאַלטן,
מיט פּיפּערנאָטערס
ווערעם און שפּינען
אין דיל־שפּאַלטן
וואָס וועלן אים צונוצקומען:
פּאַר פּען אין טינטער,
טוכלע בלעטלעך פֿון קאַלענדאַרן,
פֿאַרשימלטע ברעקלעך ציגאַרן,
טעמפּע קרעכצן פֿון זשאַווער־מעסער
אויף צעיוירענע בײַכער פֿון ביר־פֿעסער,
פֿלעדערמײַז־פּלאַטער
אויף חושך־וועג־עקן
מיט שאָטנס פֿון בעטלערישע פּאָלעס —
הויקערדיקע געפּעקן.

אויף טומלדיקער גאַס
צום געסל פֿון שיטערן יאַריד,
קאַטשעט ער זיך מיטן נײַעם ליד.
ער איז מונטער
מיטן זאַטן שמייכעלע אויפֿן בערדל פֿאַרפֿרוירן.
עס פֿאַלט אים נישט אײַן באַדויערן
זײַן אויסגעטרוימטן באַרג
וואָס האָט אַ מײַזעלע געבוירן.

1981

*

נאָר זיך האָט ער אין זינען.
כאָטש גלייב אים: ער איז באַשיידן,
ער איז נישט איינער פונעם מנין,
וואָס רײַסן און שנײַדן.

זײַן קול כ׳האָב געהערט:
מ׳האָט זײַן האָנאָר פאַרנעפּלט.
מיט אַ וואָרט, ווי אַ שער,
ס׳האָט אַ דיכטער אים צעקנעפּלט.

בין איך געזעסן און געקלערט
מיט די אויגן צו די שיך:
מײַנע זוילן, אפשר ווייסן זיי דעם ווערט,
פון אַ זעלבסטגעקרוינטן א י ד?

## אין אַ מאָדערנעם מוזיי

1

קוימיקע פעדערן אין אַ פאַרדאַרטן שטיק קיט,
(דער „קינסטלער” מוז זײַן אַ גלעזער...)
אין אַ שאַרסטקן וואַלגערהאָלץ מיט אַ טיפן שניט
זיצן צוויי שײַבלעך פון טונקעלע זונגלעזער.

צו וואָס פאַסט אויף דער ראַם דער קראַוואַט?
כ׳וועל, חלילה, נישט פרעגן...
ווען מײַן באָבע וואָלט פאַרהיט מײַן זיידנס כאַלאַט
וואָלט אַ פאָלע ווערט געווען אַ פאַרמעגן...

2

אַ סטרונע פון אַ מאַנדאָלינע אָדער אַ גיטאַר,
אין אַ צעלעכערטן זאַק דורכגעצויגן.
ס׳אָנגעקלעפּטע שטיקל ציגאַר
האָט דרײַ פינטעלעך: — אַ נאָז מיט אויגן...

ס׳פעלט אויך נישט, אויף דעם „אַנטיק”,
אַן אויסגעריבן ברוך-בענדל...
שלאַנגיש וויקלט זיך דער אוויליקער שטריק
בײַם אויער פון אַ צעבויגענעם פענדל.

3

אַ ברוין קעמל מיט עטלעכע ציין,
בײַם קאָלטן ווי אַ פאַרכעוואַט קעפּל.
מיט סימנים פון מאַך אַ צעגריזשעטער ביין,
בײַם אויער פון אַ נאַכט-טעפּל.

אַ שטיק צעריבענער קאָרסעט
הענגט אויף אַ גרינער שנוראָוואַדלע:
עטלעכע פישביינדלעך אין די לויזע נעט —
ווי פאַרגעלטע ציין פון אַ פאַדלע.

4

נאָענט בײַם טיר — אַ מאַטראַץ אויף דער וואַנט.
כ׳קוק און גלייב נישט מײַנע אויגן:
די ספּרונזשינעס האָבן צעפּרעסן ס׳געוואַנט,
די לעכער — מיט זשאַווער און שטויב באַצויגן.

אויב דאָס איז אַ קונסטטעמפּל, בין איך — אַ טערק!
ווער איז דאָ בײַם זינען?
זײַט מיר מוחל פֿאַר מײַן באַמערק:
מוז אַלץ אין אַ מוזיי אַ תּיקון געפֿינען?

## אַ גאַסט

אַ פֿליגעלע פֿלאַטערט אויף מײַן שויב,
נישטאָ אין מײַן פֿענצטער קיין שפּאַלטן.
ס'האָט דערטאַפּט אַ בערגעלע שטויב
און חלשט אין דעם זיך צו באַהאַלטן.

כ'שטיי מיט נײַגער, נאָענט צום פֿענצטער געבויגן,
מיט גרייטקייט עס צו האַלטן אויף קעסט.
און פּלוצלינג — ס'האָט זיך שנעל צעפֿלויגן,
נישט ווי פֿאַר אַ פֿליגעלע פּאַסט.

— האָסטו, פֿליגעלע, זיך דערשראָקן פֿאַר מיר?
ס'רוט נאָך דער שליסל אין מײַן האַנט:
אָט עפֿן איך ברייט מײַן טיר —
גוט וואָס מיר האָבן זיך באַקאַנט!

1965

## ניגון

זײַ געבענטשט, ליבער גאַסט,
ערשטער זונשפּראָץ אויף שויב
וואָס האָט פאַרמעקט פון וואַנט מײַן שאָטן.

דעם זייגערס קלינגען
באַגריסט דעם פרימאָרגן
און די ווײַזערס —
צאַרטע פינגער —
העלן אויף אַ פאַרשריבענעם בויגן,
ווי זיי וואָלטן וועלן באַגלייטן
דעם ניגון פון מײַן האַרץ —
פון שטערן צעשאָטן.

## מער ווי די שפּורן

**I**

כ'האָב געטראַכט אַז אַ באַפרײַטער
פון יאָרן אין אַ שטײַג —
וועט וואַרטן אויף מיר בײַם שוועל
אַ צעהעלטער מאָרגן;
האָט דער זייגער מיך גענאַרט:
נישט נאָר אין אַ תפיסה
ליגט ס'געמיט פאַרשפּאַרט.
ווײיס איך נישט ווו
מ'געפינט די געבענטשטע רו
און ווו ס'איז פאַראַן
דער אָפענער וועג
פאַר מײַן טראָט, פאַר מײַן שפּאַן,
פאַר אַ חלום
וואָס פאַר מײַן הונגעריק האַרץ
איז ווי אַ סוד פאַרבאָרגן.

II

בײַם שאָטן פֿון שפּיגל,
אַ ניכטערער —
צו װײַטסטער גרענעץ פֿאַרטראָגן,
כ׳פֿיר מיט זיך דיאַלאָגן
װאָס פֿאַרהילן מיך מיט אַ טרױער
פֿון נישט זײַן אַ גערעכטער.
עס ראַזשעט מײַן אױער,
מײַן אײגן געלעכטער,
װאָס כ׳זוך נאָך צו געפֿינען,
מער װי די שפּורן —
דעם צױבער פֿון ניגון
װאָס דורך יאָרן גענערט
און צום סוף —
איז ער מיר נישט באַשערט...

## אין יסורים־קנויל

חיים גראַדעס ליכטיקן אָנדענק

פאַרטונקלט איז געוואָרן אונדזער זון
און אין מײַן הארץ —
יאָרצײַט־ליכטלעך קלאַגן.
ווײ, ווײ,
דאָרט ווו עס רוט זײַן געביין
און ווערטער־שמות הילן זײַן אָרון
טוען בלויז די גראָזן
מיט טוי־טרערן
קדיש זאָגן.

די בשׂורה, די וויסטע,
האָט מיט שפּיזן אָנגעגליטע מיך צעברענט,
מײַן גוף צעקלעמט,
אַרײַנגעשלײַדערט מיך אין פּאַלנדיקן טרויער.
ווי אַ ביינערדיקע פויסט
מײַן האַלדז געוואָרגן
און אין מיר
איז עפּעס אָפּגעשטאָרבן.

איצט וועל איך הערן אין מײַן טעלעפאָן
זײַן שווײַגן —
אַ שווײַגן פון אַ זינגענדיקן ריז,
וואָס דער טויט האָט פּלוצלינג
אַזאַ מאַכטיקייט פאַרשטילט.
נאָר אין מײַנע לידער וועט זײַן ניגון
מיך באַגלייטן
און אין אַ יסורים־מלבוש
כ׳וועל בלײַבן לאַנג,
לאַנג נאָך אײַנגעהילט — —

## כ׳בין פאַריתומט געוואָרן

אין ליכטיקן אָנדענק
מײַן חבר־ברודער — משה שולשטיין ז״ל

איך הער נאָך זײַן קול
אין נאַכטיק-שפּעטע שעהען
ווען מיר זענען בײַ מײַן קיכטיש געזעסן ;
ער שטייט מיר פאַר די אויגן,
אין זײַן היים, אין פּאַריז,
ווו געזען כ׳האָב אים ס׳לעצטע מאָל —
נאָך באַזונטע מעת-לעתן.

געווען איז ער מיר נאָענט,
ווי איין מאַמע וואָלט אונדז געבוירן.
וויפל לעבן נאָך באַשערט,
וועל איך נישט אויפהערן צו טרויערן,
אויף מײַנע וועגן אים זוכן —
כאָטש כ׳ווייס וווּהין ר׳איז פאַרשוווּנדן.
עס טראָגט מיך די ווונד,
צו אַ לוויה אויף אַ בית-עולם,
ווו אויף יעדער מצבֿה
איך זע נאָר איין נאָמען.

צווישן ביימער אינעם לידערוואַלד
געווען איז ער
אַ רײַך-געקרוינטער בוים
און ביזן פאַלן אויף דער גאַס
האָט ער געגרינט און געבליט.

פון דער שוואַרצער בשׂורה
כ׳בין פאַראָבלט געוואָרן
און געבליבן זיצן

מיט אַ האַרץ צעבלוטיקט
פון אַ קריעה־ריס.

כ׳געדענק:
איך בין נאָר־וואָס
פון נאָרמאַנדיס בלוטיקע פעלדער געקומען,
און ע ר — אַ דינער שאָטן —
איז נאָר־וואָס
פון די תּפיסה־ווענט אַרויס.
איצט
זע איך פאַר די אויגן א י ם בלויז,
און ווי אַ טורמע
איז מיר איצט מײַן הויז.

כ׳געדענק: ר׳האָט דערציילט
ווי ר׳האָט „לידער פאַרזייט"
אויף טוכלע בוכבלעטער
מיט שימל באַצויגן —
„געשריבן" מיט אַ שפּילקע לידער,
אויפן האַרטן טאָוול־בויגן.

ווי אויף אַ דינעם אײַז
איך שאַר די פּיס פון קיך צום צימער,
צום בעט ווו ער פלעגט רוען:
אויפן רעדל־טישל, בײַם געלעגער,
די געדיכט־פאַרשריבענע בויגנס
כ׳זע זיי נאָך ליגן
און פון יעדן ווינקל זײַן אָטעם —
אַ מאָרגנשטערן־ניגון!

איך בלײַב שטיין בײַם ביכערשאַנק
ווו זײַנע מתּנות כ׳היט:
אין אַכצן ביכער
זײַן אָטעם גליט —
זײַנע אוצרות,
זײַן צעפֿינקלטע ירושה,
זײַן לעבן — אַ ליד!

*

אויב דאָס לעבן איז אַ מעסער
האָט מיך די שאַרפקייט נישט געמיטן:
איך זוך נאָך אַלץ די שליסלען
צו די גאָלדענע שלעסער
די סודות צו געפינען
עס זאָל נישט אַנטרינען —
דער דופק פון מײַן ליד.

## מײַנע נעכטנס

מײַנע נעכטנס
ווערן מיר נישט איין מאָל
ווײַט און פרעמד,
פאַרלאָשן און פאַרקלעמט
ווי אַ גוף אַרײַנגעצוווּנגען
אין אַ פאַנצערהעמד.

די שליסלען
צו די שלעסער פון זכרון
פאַרשווינדן און אַנטרינען;
אין דימיון,
כ׳זוך פון זיי די שפּורן
און קאָן זיי נישט געפינען.

איך מיש די בלעטלעך פונעם קאַלענדאַר
און זוך מיט נײַגער
וואָס כ׳האָב פאַרשריבן:
די פינגער פילן דעם זשאַר
אינעם אַש,
וואָס פון מײַנע נעכטנס איז געבליבן.

## מײַן גאַסט דער ווינט

כ'באַוווּנדער דעם וווּנדער,
דעם כּישוף פֿון ווינט:
כאַטש נעם אים אַרום
מיט אַ קוש און פֿאַרבינד.

אים פֿרעגן מיט די אויגן,
פֿון האַרץ די רייד:
— דעם ים האָסטו געמאָסטן
אין דער לענג און אין דער ברייט?

אַן דיר האָט די זון,
ווי מיט קאַמען אין הענט,
יעדעם ווינקעלע פֿון שטאָט
ביז פּונקען צעקעמט.

אינעם צעיווירענעם אַספֿאַלט —
סימנים פֿון מײַנע טריט,
בעת דער שוויים פֿון מײַן פּנים
האָט מיך ווי פֿריסע געגליט.

איך פֿיל ווי זײַן אָטעם
דיריגירט די צווײַגן,
ווי די אויפֿגעוואַכטע בלעטלעך
פֿאַר אים זיך פֿאַרנייגן.

בײַם שטאַם פֿונעם בוים,
מײַן בליק אויף דעם גראָז:
ווי יעדעם גרעזעלע שיכּור,
פֿונעם קילן ווײַן אַן אַ כּוס.

זײַן פײַפן פאַר מײַנע אויערן —
אָן נאָטן — מוזיק.
אויך מײַן דורשט איז געשטילט
פון זײַן קומען צוריק.

איז מיר ווויל וואָס די חמימה
די כּוחות האָט פאַרלוירן:
כ'טראַכט פון אַ תּפילה —
די קילקייט זאָל דויערן!

יולי 1981

# דער טעלעפאָן איז אַן עדות

איך איינזאַמקייט —
אַ צעפּאַכעטע בייַטש.

אויך מיט צעפּראַלטע טירן
איז דאָס הויז איך אַ שטייַג.

זי נעמט ווידער דעם טשעמאָדאַן
און געזעגנט זיך מיט די ווענט.

מיטן שליסל אין דער האַנט —
אַ בליק אויף די קינדער און אייניקלעך.

דער טעלעפאָן איז אַן עדות:
אַ מאָל רופט די טאָכטער. זעלטן דער זון.

אינעם סינגל־האָטעל —
אירע פאַרשאָטנטע טעג פון דער וואָך.

בייַ די קאָרטן־טישלעך
די מענער פאַרגעסן ס׳אַליינקייט.

אויך די ייִנגערע פרויען —
פול מיט גיריקייט אין די אויגן — —

בייַ די פול־געדעקטע טישן
טרעוואָגעט דער אָרקעסטער.

נאָר פון טעלער יעדער ביסן
איז ווי אַ ביין אין איר האַלדז.

סעפּטעמבער 1981

## מיטן ווינט זיך נייגן

נישט פון יעדן אָרקעסטער
זענען די נאָטן פאַר מיר
גאָלדענע קלאַנגען:
מיך פאַרשיכּורט אַ ווינט —
פון רוים די מוזיק.
מײַן באַליבטסטער כאָר —
פייגל-געזאַנגען;
אין יעדער נעסט פון מײַן בוים
ווער איך אויך צעוויגט.

מיך דערפרישט דער אָטעם
פון די צעוויגטע צווײַגן.
עס וואַכט אויף אין מיר אַ פאַרלאַנג
מיט זיי, מיטן ווינט זיך צו נייגן.

## ווער קאָן היינט לעבן בשלום מיט זיך?

I

נישט מיט אַלץ אין איינעם
לעב איך בשלום
און נאָך ווינציקער —
מיט זיך:
מיך מוטשען חלומות,
פון וואַמפּירן און שדים;
זיי טאַנצן און שפּאָטן,
פאַלמעסן מיין רו.
כ׳הער זייערע קולות:
— צווישן ערדישע שדים,
אַ שד ביסט אויך דו!

פונעם קאַשמאַר
אויפן שלאַכטפעלד —
אין גריבער און אין הײלן
ביזן האַלדז כ׳טו זינקען — — —
די קאַנאָנען־קוילן,
אינעם פייער־מבול,
די טאַנקען דעריאָגן.
די זון ווערט דערטרונקען
און פונעם הימל —
עס הערט זיך
אַ יאָמערדיק קלאָגן — — —

כ׳בין ווי אין אַ פּאַסטקע
אויפן וועג דעם ווייטן,
ווו אין די גריבער
די ווערעם
קומען
צום גרייטן. — — —

אויב חלומות קומען פונעם וואַכנדיקן טראַכטן,
טראַכט איך אָן אַ שיעור.
מײַנע שטילסטע טעג
זענען אויך געגרייטע פאַר שלאַכטן,
כאַטש טו אָן צוריק
דעם אויסגעטראָגענעם מונדיר — —

II

מײַן האַרץ איז נישט מיט גראַטעס,
נישט באַהאָנגען מיט שלעסער.
כ'האָב פײַנט גרענעצן
און האָס געפּעלשטע פּעסער.
פון דער צײַט די שלום-טויב
טראָגט אונטער פליגל אַ שווערד.
כ'האָב מורא צו טראַכטן
וואָס דעם מאָרגן איז באַשערט.
עס בורעט אין מיר
און כ'קאָן נישט פאַרטראָגן
מײַן איך —
איך מאָך מיט מײַן האַרץ נישט קיין שלום:
ווער קאָן הײַנט לעבן בשלום מיט זיך?

## שנירלעך יאָרן

ס'האָט שוין געטראָפֿן מער ווי איין מאָל:
אַ בריוו האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט
אויף אַ צענדליק יאָר.
דער באַשטעמפּלטער קאָנווערט
אָפּט שטאַרקער פֿון שטאָל —
פֿון שימל קיין סימן
און פֿון אַלטקייט קיין שפּור.

אַזאַ בריוו האָט געטראָפֿן
הײַנט צו מײַן שוועל,
ווי אַ נישט־געבעטענער גאַסט
פֿון אַ נישט־דאַיִקער וועלט:
דער אַדרעס פֿון איר „רענטש"־הויז,
ווי אַ ביין אין מײַן קעל,
און פֿאַר מײַנע לונגען לופֿט וואָלט געפֿעלט.

וואָס נעכטן מיט מיר האָט פּאַסירט,
אָפּט מאָל איך פֿאַרגעס
נאָר כ'געדענק אָן אַ שיעור בילדער
פֿון שנירלעך יאָרן:
זיי פֿאַרפֿאָלגן מיך מער ווי איין מעת־לעת —
זיי ווילן נישט שלאָפֿן,
נישט רוען אין מײַן זכּרון.

זי טויכט אויף פֿאַר מײַנע אויגן,
צעשויבערט און נאַקעט
און כ'הער נאָך ביז איצט
אירע צעגליטע רייד.
אירע ליפּן, ווי דינע פֿלעמלעך צעפֿלאַקערט —
איך פֿיל ווי איר שׂינאה
צו דער טיר מיך באַגלייט — —

כ׳האָב איר בריוו געלייענט
שוין עטלעכע מאָל
און געביסן די ליפּ זיך
און געשוווּמען אין שווייס —
אירע ביטערע ווערטער: שפּילקעס פון שטאָל — —
נאָר איך בין געבליבן
ביי דעם וואָס איך ווייס...

## באַזונט

איך גאַף אויפֿן וואָלקנדל
וואָס נידערט,
צעפֿאַלט,
ווי פֿון ווינט צעמאָלן.

די שטערן —
עדות מיט צעפּריידטע אויגן —
דימענט־טרערן.

איך פֿאָלג נאָך דער לבֿנה
אין דעם מילכטײַך ווו זי שווימט:
איר לײַכטנדיקער פּנים
האָט די נאַכטיקייט באַזונט.

## כ׳וועל בלײַבן שטיין

בײַם קאַשטאַנבוים כ׳מײַד נישט אויס דעם אויפגעריסענעם טראָטואַר,
ווו זײַנע אַרויסגעשטאַרצטע וואָרצלען האָבן די הויקערס געבוירן.
בײַם פאַררײַסן דעם קאָפּ באַפאַלט מיר אַ צער:
ס׳וויאַנעט זײַן קרוין — די מאַיעסטעטישקייט פאַרלוירן.

זײַנע אָפּגעשוואַכטע צווײַגן, צעשויבערט און ווילד,
מיטן האַרבסטיקן ווינט פּרוּוון זיך שלאָגן.
די צעבראָכענע שאָטנס וואָס האָבן דאָ מיך געהילט,
צו יענעם פרילינג-פרימאָרגן מיך פלוצלינג פאַרטראָגן.

כ׳געדענק דעם פּיסק דעם שמאָלן, מיט די צוויי שטאָלענע ציין,
בײַם אַרויסרײַסן פון דער גאַס די אַלטע גאַזרערן.
זיי האָבן נישט פאַרהיט פון פלאַמעסן זײַן געביין —
דעם בוים נישט פאַרשנײַדן פון עלטער ווערן.

ווי פאַרדאַרטער לעדער זײַן הויט. די גוליעס, ווי שוואָמען,
שטעקן די קעפּלעך אַרויס פון די שימלדיקע קאַרבן.
אויף די לייטערס די ברעטער אין אַ תּליה דערמאָנען,
פון זײַן פאַרמישפּטן גורל דעם סוף דעם האַרבן.

די רויטע קאַשטאַנעס, ווי פון קופּער אויסגעשמידט,
פון פאַלן זייער קלאַנג געוואַרעמט האָט מײַן אויער.
כ׳וועל געדענקען אויך דעם בוימס מײַיִק העמד פון צוויט,
און פילן אויף דער גאַס פון די שכנים דעם באַדויער — —

די קופּערנע קאַשטאַנעס כ׳וועל נישט קומען מער קלײַבן,
נאָכן טריקענען — זײ בראָטן אין אַן אויוון אַ צעגליטן.
דער טעם אויף מײַן גומען לאַנג וועט נאָך בלײַבן
פון יעדן קאַשטאַן וואָס כ׳האָב זײַן הויט אײַנגעשניטן.[1]

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מײַנע לאַנגע שפּאַצירן, אויף נײַע וועגן,
נישט פאַרגעסן כ׳וועל דעם בוים — ער שטייט פאַר די אויגן,
און בײַם הערן פון דער ווײַט דעם גרילץ פון זעגן —
וועל איך בלײַבן שטיין דעם קאָפּ געבויגן.

אָקטאָבער 1978

1 אַ קאַשטאַן מיט אַן אײַנגעשניטענער הויט איז געשמאַקער נאָכן בראָטן.

## דער פידל־ווירטואָז

(הערנדיק יצחק פערלמאַן)

ער רעדט מיטן בויגן צום פידעלע,
מיט צעפּיבערטע פינגער אויף סטרונעס —
אַדערן פון האַרץ מיט וווּנדער־מעלאָדיעס.

אַ בוקעט נאָטן — צעפּאָכעטע פליגל
פון יונגע פייגל
פליִען צום אָרקעסטער —
אַ וואַלד פאַרשיידענע ביימער.

מיט פּישוף־שטעקעלע דער דיריגענט
באַגלייט די צויבער־טענער —
אַ סימפאָניע פון לידער און באַלאַדעס.

מײַן האַרץ ווערט פול מיטן קראַנץ ניגונים:
טויבן אויפן דאַך רעדן מיט די געסט.
פון נעסטן די פייגעלעך פּרוּוון אויס די פליגל.

אַ מחנה בינען זעטיקן זיך מיט בלומענזאַפט.
אַ וואַסערפאַל פּילט אַן אַ טאָל
און ווינטמילס פליגל וואַכן אויף פון שלאָף.

דעם ווינטס ליפּן קושן די בלעטלעך
און צווײַגן אַפּלאָדירן געבויגענע ביימער־קעפּ.
זעגל־שיפלעך — דערוואַקסענע פאַרוויגן...

אַ האָגל אין קאַראַהאַד באַגלייט פון אַ רעגן.
אַ שטורעם־וויוגע מיט וועלפישע ציין
גריזשעט שיפן אויפן צעברויזטן ים.

א געלעכטער פון שוימיקע כוואַליעס
צעטראָגט דעם ברעג.

פון זײַנע פינגער אויף די סטרונעס,
ווי פון בליצן געבוירן,
די קאָלירן פון א רעגנבויגן
לײַכטן אויף פּאָר מײַנע אויגן.

8טן יוני 1981

##ביימער שטאַרבן

ביימער שטאַרבן שטייענדיקערהייט.
איך בין נישט דער ערשטער עס צו זאָגן.
זיי ווערן געבוירן און ביזן סוף געקליידט,
אינעם איין־און־איינציקן העמד וואָס זיי פאַרמאָגן.

אין מײַ, זייערע צווײַגן, באַלאָדן מיט בלעטער,
שעפּטשען מיט ווינטלעך, שטיל זיך סודען.
נישט איין מאָל האָט געקילט מיך אַ צווײַג ווי אַ פעכער,
ווען כ'האָב מיט די וואָלקנס געמישט מײַנע טרוימען.

אין הארבסט, די ווינטן, זיי געווינען די געוועטן —
זיי קומען אָן מעסערס, די רוצחישע שינדער!
איך צייל דאָן די וואָכן מײַנע אויגן צו זעטן
אין פרילינג, דעם צויבער פונעם געטלעכן ווונדער.

אין ווינטער, די צווײַגן, צעביסן פון פראָסטיקע ציין,
ווי אַ באַנדאַזש איז דער שניי פאַר זייערע ווונדן.
זיי וואַרטן דערפרוירן די זון זאָל קומען צו גיין —
אירע וואַרעמע שטראַלן זייערע יסורים לינדן.

צו פיל מענטשן און ביימער שטאַרבן יונגערהייט.
נישט מיט אַ קללה צו פּטרן די פּלאָגן.
אַ פאַרשניטענעם בוים כ'האָב היינט מיט בענקשאַפט באַגלייט
און מײַן האַרץ האָט געשלאָגן — —

# אויב

**א**

די בלעטער פון אַלטע קאַלענדאַרן
זענען נישט קיין צינגער וואָס נאַרן.
אונטער די שטויבן,
נאָך מײַן געגנאַרטן גלויבן,
שבעה געזעסן —
אין גריזשענדיקע מעת-לעתן.

**ב**

כ׳שעפּ הײַנט נישט אויס פון דער שעה
ביזן דנאָ
שיכּור צו ווערן:
אויב באַשערט מיר איז רו —
יינגער כ׳וועל ווערן!

1956

## גרונטן

טרערן פון הארצן
וואַרטן נישט אויף אַ מנין:
גליִען ווי פונקען
און חלפֿדיקע שטומען.
זיי ווערן נישט פֿאַרלאָשן
אין די טיפֿסטע גרונטן.
כ׳פֿאַרשטיי ס׳לשון
פון טרערן,
די מינדסטע סימנים.

## ווער?

דער גיהנומדיקער שטורעם —
נאָכן צעפּאַלמעסן די שילד
מיט חלף-פליגל
אויף שטאַנגען פון שטאָל —
ווער האָט זײַן אָטעם דערוואָרגן?

פון באַרג די שטיינער
ווי פעדערן צום טאָל?

אויף גאַסן די ביימער
וואָס ליגן אויסגעצויגן?

די ציגל פון קוימענס —
שאַרפע ציין פאַר די דעכער?

פון דונערס די לעכער —
אַ קבֿר פאַר זײַן געביין?

שטורעמס באַגראָבן זיך אליין.

## הייסע שפּיזן

די גאַסן־לאָמפּן זענען שוין פאַרלאָשן:
דער לעצטער שטערן —
די לבנה אַהיימגעפירט.
מײַן שלאָף?
נישט ווערט שוין אַ גראָשן.
ער האָט די וויִעם —
קוים־קוים באַרירט.

נישט מיט אומרו קאָן ווער אים באַזיגן,
ווען דאָס קישן אונטערן קאָפּ
איז האַרטער פון אַ שטיין.
נישט די ערשטע נאַכט אַזאָ.
מײַן געלעגער — הייסע שפּיזן.
דאָס פילט נאָר איינער —
איך אַליין.

1963

*

צי קאָן מען תּמיד פֿאַרשטיין
אַז אַ וועלט קאָן ליגן
צווישן יאָ און ניין?

דער וואָס קאָן זען
דעם יאָ און דעם נ י י ן,
איז דאָס האַרץ זײַנס
נישט קיין מיט מאָך־באַוואַקסענעם שטיין;
דער זעט אין שפּיגל
נישט נאָר זיך אַליין.

1982

## איינזאַמקייט

אַ פֿאַרגליווערטע שטילקייט
אויף פֿאַרכמורעטע ווענט.

עס וואַרגט די אַליינקייט
בײַם טיש און אין שפּיגל.

אין דער מיליאָניקער שטאָט
אַ נישט־דאָיִקער און — דאָ.

פֿון אומעטיקער גרויקייט
שטיקט אים ס׳אייגענע העמד.

ווערט אַ פֿליג דורכן פֿענצטער
אַן אַנגעלייגטער גאַסט אים.

און דעם זייגערס דופּק —
מוזיק פֿאַרן אויער.

נאָר דעם ציפֿערבלאַטס פּנים
איז נישט דאָס פּנים פֿון אַ מענטש...

## ווער וועט דאָרט פֿאַרדעקן?

איך באַוווּנדער די מוחות און די פֿינגער וואָס שאַפֿן
דעם ריזיקן שפּאַן פֿון דער נײַסטער טעכניק:
צו דער לבֿנה זיי האָבן דעם אַדרעס געטראָפֿן
און מיט טאָרבעס שטיינער געקומען צוריק.

צי געמיינט האָט דער מענטש יענע שטויבן צעוועקן?
איז נישט גענוג זיי צו זען דורך זײַן וווּנדער־שפּאַקטיוו?
פֿון זײַנע רעדער די שפּורן ווער וועט זיי פֿאַרדעקן?
צי וועלן זיי דאַרפֿן באַנדאַזשן — פֿאַר זייער וווּנדיקער טיף?

דעם אַסטראָנאַוט איז קלאָר דער שטח פֿון דער לבֿנהס מאַפּע,
ווי מיר איז נישט פֿרעמד די שער, יעדער טייל פֿון אַ קלייד.
ווער האָט אים דערלויבט צו יענער הויכקייט זיך דראַפּען
און צעראַיען דעם שטויב דאָרט פֿון בראשית פֿאַרזייט?

איך מעסט נישט דאָס גליק אין דעם יאָרהונדערט צו לעבן —
דער אַטאָם־סוד איז שוין מער נישט פֿאַרבאָרגן.
פֿון מײַן האַרץ אין מײַן ליד אַ טרוים כ'וויל אַרײַנוועבן —
אַ זוניקער וועג פֿאַרן מענטשס פֿרײַען מאָרגן!

## פֿאַראַנען טעג

טעג זענען פֿאַרלאָשענע שטערן,
פֿייגל פֿון יעגערס געשאָסן;
טעג זענען ווי וואָכן און יאָרן
וואָס די זון ווערט אין זיי
אויף קיין רגע נישט פֿאַרלאָשן.

געבענטשט זענען טעג
וואָס אין זיי צעבליט
עס זענען די שעהען.
זיי זענען אַ לויטערער קוואַל
דעם דורשט צו לעשן
און אַ יונגע פֿרייד
וואָס באַגלייט די מעת-לעתן.

פֿאַראַנען טעג
ווי אַ געליבטערס ליפּן —
און פֿאַראַנען טעג,
און וואָכן, און יאָרן,
וואָס לאָזן שניטן אין האַרץ —
ברענענדיקע סימנים.

1981

## איך זוך

פאַר דעם אומרו אין מיר —
מײַן גורלדיקן סיאַמער צווילינג —
שוין לאַנג ווי איך זוך
דעם כירורג דעם געניטן
אונדז פונאַנדערצוטיילן,
און איך בענק יעדע רגע
נאָך רו —
מײַן האַרץ ער זאָל היילן.

ס׳איז דער אומרו אין מיר
ווי אַ יעגער
וואָס האָט אין ציל נישט געטראָפֿן.
אָפֿט זענען מיר די שעהען
ווי אַ מעסער
וואָס הערט נישט אויף די הויט מיר צו שיילן.

אויך אין אַ פּאַלאַץ פֿון גאָלד
געווען כ׳וואָלט אין אים ווי אין אַ שטײַג —
און געווען וואָלט מײַן געמיט דאָרט
פֿאַראומערט און געבויגן,
ביז כ׳וואָלט געפֿונען
אַ באַגינען, אַ וויג, אַ פֿעלד
מיט טוי און שטראַלן אָנגעזויגן.

אפּריל 1982

## ווּיפל איז ווערט?

צווישן בלִיִענדיקע ביימער,
אַ בוים מיט סימנים פון בלעטער,
איז טויב און שטום —
אַפילו אין ווינט.

און אַ גיריק אויג
וואָס זעט נאָר זיך
איז נאָך מער ווי בלינד.

און אין גאָלד ווער ס'שווימט
מיט אַ האַרץ — אַ שטיין:
ווּיפל איז ווערט זײַן געביין?

## כ׳בין אויסגעטאָן

כ׳בין אויסגעטאָן פון וואָכנדיקן קלעם
און געהילט מיט נײַע זאָרגן:
איך ווייס נישט ווו און ווען
געפינען וואָס פאַר מיר איז פאַרבאָרגן.

מיט זיך איך פיר דיאַלאָגן
און זעלטן ווען כ׳בין אַ געדעכטער.
דאָס אַנטלאָפענע ווען ס׳ווילט זיך דעריאָגן —
פון ווינט איך הער אַ געלעכטער.

*

פון די שטילסטע רייד,
אין די שעהען מיט זיך אליין,
שווער איז מיר זיך שיידן:
מערער נאָך ווי א שווערד,
באַפרייַט פון דער שייד,
שרעקט מיך דאָס
וואָס עס ליגט פאַרבאָרגן
און וועט מייַן גורל נישט מייַדן...

## געבענטשט

דער כּוח פֿון וויסן
ליגט אין פֿאַרשטיין:
עס לעבט נישט אַ מענטש
נאָר פֿאַר זיך אַליין.

איז באַשערט אַזאַ מענטש,
פֿון גאָט זײַן געבענטשט
אַ קלאָרקייט צו זען
וואָס ווי אַ פֿונק פֿון האַרץ
קאָן שפּאַלטן אַ שטיין —

איז אים זוניק די ווײַט
אַפֿילו בײַ נאַכט,
ווען וואָלקנס ווי טינט
פֿאַרדעקן די שטערן;
דער הימלישער טויער
בלײַבט אים נישט פֿאַרמאַכט —
ער קאָן אינעם ווינט
דערהערן זײַן צײַט
און דערקענען אַ וועלט
אינעם בלישטשען פֿון טרערן.

1983

## ווי דײַן אײביקײט

פֿאַראַן איז שײנקײט אין יעדן סעזאָן פֿון יאָר,
אויב לײַכט אויפֿן האַרץ און גרינג ס׳געמיט:
דער פֿאַרכמורעטער הימל איז הײַנט מיר קלאָר
און עס זינגען אויף די גאַסן מײַנע טריט.

פֿון מײַן חבר־ברודער כ׳האָב דערהאַלטן אַ בריוו,
מיט זײַן פּערלדיקן כּתב־יד דרײַ בויגנס פֿאַרשריבן:
...עס יובלט יעדע שטאָט, ווי מיר, אין תּל־אָביב —
דער שלום איז נישט פֿאַריתומט געבליבן!

איז די נבֿיאות פֿון נבֿיא, מיכה, מקוים געוואָרן?
„...אַ פֿאָלק קעגן אַ פֿאָלק וועט נישט הייבן די שווערד"
ס׳וועלן די געבליבענע קוילן מיטן שלום זיך פֿאָרן:
זיי צעשמעלצן אויף אַקעראײַזנס וואָס קושן די ערד.

די פֿריידיקע טרערן אויף בריליאַנטן נישט פֿאַרבײַטן,
זיי צעלײַכטן מײַנע אויגן בײַם לייענען,
נאָענטער עס ווערן מיר די יובלדיקע ווײַטן
ווו גרענעצן מ׳וועט נישט דאַרפֿן באַווײנען.

ס׳פֿאָלקישע בלוט וואָס האָט געוועבט דעם נס —
ווי אײַזליכטלעך עס זאָל נישט צערינען.
— אָ, בורא! לאָז דעם צווייטוויזנטיאָריקן אַדרעס
אָן צאַמען, ווי דײַנע אייביקייט־זונען!

נאָוועמבער 1977

*

צו ק. ה.

כ׳האָב אים ווי געטאָן
נישט ווילנדיקערהייט.
פון האַרץ אַדערן כ׳וואָלט געריסן,
און ווו מ׳דאַרף — פאַרנייט — —

אים זאָגן פשוט, גאָרנישט שפּאָרן:
— כ׳האָב פאַרזאַמט די וואָך.
ס׳האָט פאַרבלאָנדזשעט פון מײַן זכרון —
דאַנקבאַרקייט אַ סך.

אויב עס פעלט אין מײַן הימל
די צוויבערקייט פון שטערן,
איז עס דערפאַר, ווײַל ס׳וואַרגט מיך הײַנט —
אַ שנירל פון חרטה-טרערן.

20סטן אָקטאָבער 1978

## מײַנע נעכטנס

מײַנע נעכטנס
ווערן מיר, נישט איין מאָל,
ווײַט און פרעמד,
פֿאַרשלאָסן און פֿאַרקלעמט
ווי אַ גוף אַרײַנגעצוווּנגען
אין אַ פֿאַנצערהעמד.

די שליסלען
צו די שלעסער פון זכּרון
פֿאַרשווינדן און אַנטרינען;
אין דמיון
כ'זוך פון זיי די שפּורן
און כ'קאָן זיי נישט געפינען.

איך מיש די בלעטלעך פונעם קאַלענדאַר
און זוך מיט נײַגער
וואָס דאָרט איך האָב פֿאַרשריבן:
מײַנע פינגער פילן דעם זשאַר
אינעם אַש,
וואָס פון מײַנע נעכטנס איז געבליבן.

אויגוסט 1982

## דאָן־קיכאָטיש

פון עוג מלך הבשן בין איך גרעסער,
די ווענט פון מײַן פּאַלאַץ — פון גאָלדענע ציגל;
כ'האָב אַ שליסל צו אַלע זײַנע שלעסער
און פון אַלע זײַנע שטיינער שאַף איך אָדלערישע פליגל.

איך קאָן מיט אַ בליק דעם שונא באַזיגן
און טראָגן אויף מײַן שווערד זײַן קאָפּ.
מײַן קול קאָן די העכסטע בערג צעוויגן
און פליִען מיט די ווינטן אין גאַלאָפּ.

גאָלדענע טראָפּנס — פון הימל דער רעגן,
די הײַזער — שיפן אָן מאַטאָרן.
טײַכן קאָן איך פאַרבײַטן אויף וועגן
און אויף דעכער כ'קאָן מיט אויטאָס פאָרן.

איך שפּיל אויף אַ פידל אָן סטרונעס,
מיט אַ ניגון פון אַ דונערדיק לאַכן.
פרעג מיך און איך קאָן עס —
כ'קאָן זינגען אויף זיבעציק שפּראַכן!

פאַר טאָג כ'קאָן פאַרזייען דאָס פעלד —
און נאָך מיטאָג שוין שנײַדן די זאַנגען.
און אַ בוים, וואָס האָט בליִען פאַרפעלט,
האָב איך אים מיט פּירות באַהאַנגען.

דעם צאָרן פון דונערס כ'קאָן שטילן
און נישט לאָזן די בליצן זיך לעשן.
כ'קאָן די פולסן די ווײַטסטע דערפילן
און פאַרוואַנדלען רגעס אין מעת־לעתן!

פעברואַר 1982

## אַ שליסל צום מוח

די קלאָרקייט פֿון וואָרט —
אַ צעבליצט ליכט.
געפֿינען ס'פֿאַרבאָרגענע —
פֿון האַרץ איז די פֿליכט.

אַ שפּיגל אָן אַ שאָטן,
אַ שנייוואָלקן אָן אַ פֿלעק,
אין אַ שטערן געראָטן,
פֿון רוים אַ ניגון,
אַ ים אָן אַ ברעג.

פֿליגל אין דער הייך —
אין שורות, אות־נאָך־אות.
אַ שליסל צום מוח —
און ווײַן פֿונעם כּוס.

3טן מאַרץ 1983

# מיר איז ליב

מ׳קאָן זײַן פאַרליבט אין מוזיק
און נישט קאָנען לייענען קיין נאָטן.
נאָר ווער ס׳גרייט זיך בויען אַ בריק,
ווייסט פון בוי די געבאָטן.
אַ פידל קאָן וויינען ווי אַ קינד,
סטרונעס רעדן אויף אַלע שפּראַכן.
מיר איז ליב די מוזיק פונעם ווינט
בעת די צווײַגן אויף דיביימער לאַכן...

## ווײַט און פרעמד

זיי עפּענען נישט קיין בוך:
ס׳אײַנגעבונדענע גאָלד,
פון טאַטנס מוח,
האַרץ און נשמה.

די מאַמע, די אַלמנה,
בײַסט די ליפּן ביז בלוט
און — שווײַגט.
איר האַרץ —
פון חרטה פאַרקלעמט.
זי פילט די שולד:
איר בלוט און פלייש —
די רײַכע ירושה
איז ווײַט און פרעמד.

## פּרוּוו פאַרשטיין

נישט יעדער מענטש אין גאַס,
וואָס רעדט צו זיך אַליין,
איז אַראָפּ פון זינען.
טראַכט אַ מאָל, פּרוּוו פאַרשטיין —
און ענטפער וועסט געפינען:

האָסט געוויס אַ מאָל אַ ליד געלייענט
און אַ וואָרט, אַ שורה —
איז אין זכרון דיר געבליבן.
ס׳האָט אפשר אַ דיכטער אין גאַס
די שורה פונעם ליד אין דמיון געשריבן?

# חשבון

וועמען וואָלטן אוצרות געווען באַשערט
אָן דער ברכה —
זאַמדעלעך פון מאַמע־ערד?

אָן דעם ערדישן פּלאַנעט —
אַ פּינטעלע אין רוים,
וואָס וואָלט געווען?

ביַים לייגן גאָלד אויף אַ שאָל
און מעסטן מיט אַ שפּאַקטיוו־אויג
דאָס האַרץ פון אַ בריליאַנט —
ווער חשבונט
פון וואַנען עס שטאַמט?

אויב טויערן פון גרענעצן
מאַנען פּעסער,
מאַכט עס די ערד
קלענער אָדער גרעסער?

נאָר אויפן קיכטיש אַ מעסער
קאָן שטילן דעם הונגער,
און דער אָפענער קראַן
לעשן דעם דורשט.

דער גלי פון אַ קנויט,
אין אַ פינצטערן קאַמער —
אַ פלאַמיקע זון.
און פאַר אַ פאַרהונגערטן
דער טעם פון ברויט —
וואָס קאָן זיַין געשמאַקער דערפון?

נאָוועמבער 1982

## שטיבלעך אויף די בערג

שטיבלעך אויף די בערג — דרעמלדיקע זקנים,
וואָס האָבן אויפגעהערט שוין לאַנג די יאָרן ציילן.
ס'פּראַווען נאָר חתונות זייערע נאָענטסטע שכנים:
די וועווערקעס, די חיהלעך אויף ביימער און היילן.

זיי נעסטן נישט ווײַט פון פענצטער און טירן,
ווי אָפּטמאָל זיי קומען אַ וויזיט אָפּצושטאַטן,
און באַהאַלטן ס'געלאַטכנטע איידער די ערד נעמט פרירן —
צו האָבן אין קעלטן אַ מאָלצײַט אַ זאַטן.

די פייגלשע געזאַנגען פילן אָן די ווענטלעך־שפּאַרעס,
ווי פאַרשיכּורטע ווינטלעך סימפאָניש פּײַפן.
הונגעריקע קעצלעך ניוכען אין די נאָרעס
אַרום די שאָטנס בײַ די ביימער מיט מאָכיקע רייפן.

די קינדער פאַרשאַרן די בלעטלעך פון די שטעגן,
באָרוועסע פיסלעך קושן זיך מיטן הייסן זאַמד.
ס'וואַרט אויף זיי ס'טײַכל נאָכן לאַנג־שווערן רעגן,
וואָס האָט די גראָזיקע ברעגן אַריבערגעשפּאַנט.

עס שפּיגלען פון ווערבעס אין טײַכל זיך די קעפּ,
אין וואַסער צעציטערט, פאַרשוווּמען;
און צווײַגן מיט צינגער — גרין־טונקעלע צעפּ —
שעפּטשען צו קינדער אין שפּילן פאַרנומען.

בײַ נאַכט ווערט דער הימל ווי האַרבסטיק פאַרכמורעט,
די שטערן אין וואָלקנס אַנטרינען,
בלויז דער לבנה־האָרן צווישן זיי דאָרט צעבורעט —
יאָגט זיך פאַרעקשנט ביזן שפּראָץ פון באַגינען.

העמפּסטאָן־בעיס, ניו־יאָרק, יולי 1976

## די זון בײַם האָריזאָנט

די קעפּ פון די בערג —
מיט קרוינען גאָלדענע,
און איבער זיי
די וואָלקנס שווימען
אין צעשויבערטע פלאַמען.

ביימער פאַרגאַרטלען
ס'פּאַרם־שטיבל און דעם שײַער,
שאָטנס ווערן געבוירן.
די זון בײַם האָריזאָנט —
אַ האַלבער ראָד —
זינקט בלוטיק־צעשפּאָלטן.

אין דער שטאָט
האָבן הימלקראַצערס די שקיעה
פאַר מײַנע אויגן באַהאַלטן.

יולי 1981

## כ׳פרוּוו פֿאַרגעסן

מיך קוויקן די כוואַליעס בײַם ברעג
און דער ים, וואָס פֿינקלט און בלענדט.
כ׳בין פֿאַרשיכּורט פֿון די ווינטלעך אין וועג
און פֿון דער ווײַטקייט וואָס כ׳זע נישט איר ענד.

אין ים הײַנט קיין סימן פֿון שטורעמס:
ווײַט איז פֿאַרשוווּמען זײַן צאָרן.
נישט הײַנט וועלן די כוואַליקע אָרעמס —
מאַכן פֿון אַ שיף אַן אָרון.

כ׳בין פֿאַרליבט אין אַ ים אַ שטילן,
מיט שטראַלן ווי פֿינגער אויף זײַן פּנים.
די קאָרבן בלויע ווינטלעך צעשפּילן,
אויף די וואַסערטרעפּ וואָס פֿאַרשווימען.

מעוועס צעפֿליגלטע — בערגעלעך שניי,
אײַלן אַ שווימנדיקן פּאַלאַץ צו באַגלייטן.
כ׳ווייס נישט צי שטילן עס וועט דעם הונגער אין זיי
די שיף, וואָס שלינגט אײַן די ווײַטן.

פֿון שטאָט מײַן אַדרעס כ׳פּרוּוו איצט פֿאַרגעסן,
ווו די חמימה האָט געשטיקט און געוואָרגן.
איך זוך די שעהען פֿון מײַנע מעת-לעתן
אין דער פֿרייד פֿון זוניקן פֿרימאָרגן.

יולי 1980

## בײַם ים

אַרום פֿעסלבויך פֿונעם ריזיקן שטײן,
באַוואַקסן מיט מאָך און שיטערן גראָז,
אַרומגעבונדן מיט אַ גראָבער שטריק
כ׳זע אינעם פֿאַרפֿרעסטן קנופּ —
אַ בייזע פּויסט —
מיט ים־לשון ברויזט,
וואָס מ׳האַלט ס׳שיפֿל־וויגל
פֿאַריתומט בײַם ים!

בין איך דער איינציקער ווײַט פֿון דער פּלאַזשע.
אַ באָרוועסער, טאַפּטשע אין די בלאָטעס
ווי פֿון בלײַ געקנאָטן
און פֿיל דעם צער פֿונעם שיפֿל,
ווו די שטריק
און דער קנופּ
האָט אין אַ תּליון מיך דערמאָנט
מיט אַ פּעטליע אין דער האַנט.

איך קום דאָ שווימען אָפּט מאָל:
פֿון דער קאַבאַנאַ אויפֿן באָרג.
כ׳זע די קאָרבן אויפֿן ים.
ווי טרעפּ פֿון שטאָל,
פֿון די סודותדיקע טיפֿן...

הונגעריקע מעוועס באַגלייטן די שיפֿן
וואָס אַנטרינען פֿון מײַנע אויגן.
אויפֿן הימל דעם בלויען —
די וואָלקנדלעך, ווי שנייבערגלעך,
פֿון די היים־צעגליטע שטראַלן —

צעשמאָלצענע, דאַכט זיך —
אין ים אַרײַן זיי פֿאַלן.

איך פֿאָלג נאָך אַ כוואַליע —
אַ צעשוימטן באַרג —
זי וואַרפֿט זיך אַ ווילדע
און פֿאַרגייט מיט אַ צעבראָכענעם קאַרק...

דער ים איז הײַנט נישט בייז.
פֿונעם ברעג כ׳בין ווײַט
און איך פֿיל ווי מײַן תּענוג פֿון שווימען
איז טיף אַראָפּגערונען:
אין דמיון, ס׳שיפֿל, וואָס רײַסט זיך פֿון שטריק,
יאָגט מיך צוריק;
מײַן אומרו —
יעדע רגע ווערט גרעסער:
„בײַם שפּראָץ פֿון באַגינען,
געדאַרפֿט האָסטו קומען
מיטן שאַרפֿן קיכמעסער.
פֿילן זאָל דעם טעם,
דער האַלדז פֿון שטריק,
פֿאַר האַלטן ס׳שיפֿל אין צאַם.
געשוווּמען וואָלסט דאָ,
מיט אַ זאַטער רו —
אויפֿן ים — דײַן צווייט וויגל —
ווי די מעווע וואָס באַגלייט דיך
מיט צעפּאָכעטע פֿליגל".

יולי 1982

## נאָכן שטורעם

ס׳האָט אַ דונער דאָ צעבראָכן דעם קאַרק
פֿונעם בוים דעם זקן
בײַם געשלענגלטן שײדוועג
אַרום באַבוימטן באַרג
מיטן שטיבעלע, צווישן צוויי ביימער אײַנגעפּרעסט —
אַ שרעקנדיקע נעסט.

די שאַרפֿע ווינטישע פֿינגער
האָבן צעקרישלט די פֿאַרדאַרטע בלעטער
פֿון די טויטע צווײַגן,
ווו נאָכן שטורעם דער אָרום —
אַ בית־עולמדיק שווײַגן —
אין דער פּוסטקייט פֿון תּהום.

אַ פֿויגל, ווי אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער גאַסט,
פֿליט שנעל אַוועק
פֿון אונטער די וואָלקנדלעך —
בערגלעך הייסע בלײַ
נאָענט צום מאָכיקן פֿאַרמשטיבל.
דער שלאָס אויף דער טיר,
ווי ער וואָלט די פּוסטקייט געהיט.
מיר פֿאָרן פֿאַמעלעך פֿאַרבײַ
און שטעלן זיך אָפּ,
ווו דער צעבושעוועטער שטורעם —
אויף שריט און אויף טריט —
געלאָזט האָט אָפֿענע קבֿרים.

די זון איז נישט קאַרג —
זשאַלעוועט נישט קיין פֿײַער.

כ׳פיל אויף מײַן גוף
ס׳צעווייקטע העמד.
א קרוליק לויפט ארוים
פונעם אײַנגעפאלענעם שײַער
און ער קוקט צעשראקן,
ווי אלץ ארום
געווען וואלט אים פרעמד.

יולי 1979

## צו פרי

1

צו פרי האָט ס׳גאָלד פון דער זון
דעם קאָליר פאַרלוירן.
איך קוק אויפן קאַלענדאַר —
ער שוויַיגט פון מיַין באַדויערן
ווי אַ טויב־שטומער.

עס שרעקט דער ימיקער צאָרן
וואָס גריזשעט דעם ברעג
מיט חיהשע ציין.
כוואַליעס דערטרינקען די שפּורן —
די סימנים פון די סוף־זומערטעג.

וואָלקנס, ווי איַיזבערג שווימען,
אַנטלויפן פונעם חלפדיקן ווינט.
ווידער איז דער טאָג היַינט
ווי אַ גרויער באַגינען
מיט אויגן פון רעגן־טרערן בלינד.

2

אויפן באַבוימטן באַרג,
מיט זיגזאַגישע טרעפּ צום ים,
מיַין פאַריתומט זומערשטיבל
איז ווי קלענער געוואָרן.

נאָענט צו די טרעפּ, דער אַלטער בוים,
איז ווי אַ שירעם פאַרן דעכל.
אַ צוויַיג גלעט דאָס פענצטער
און זאָגט מיר צו

אַז ער וועט שיצן יעדע וואַנט
פון ווינטס רציחה
מיט אַ מאַמעדיקער האַנט.

נאָר מיר איז שווער
זיך פון דער פּליאַזשע שיידן,
ווו געזעטיקט מיך
ס'האָט נישט נאָר די רו אַליין.
כ'נעם אַרום זי וואַרעם מיט די אויגן
און געזעגן זיך מיט איר
און צו דער טיר כ'לאָז זיך גיין.

אינעם שטיבל, אויף דער שוועל מיטן שליסל,
כ'זע ווי ס'קריכט מײַן שאָטן
צום פאַרהויכטן שפּיגל
און כ'בלײַב שטיין,
ווי אַ מעווע אויף אַ שיפל
מיט אַ צעבראָכענעם פליגל.

## אין אַ זומערוועלט

נאָכן פאַרנעפּלטן באַגינען,
מיט נעגל פון שטורעם,
האָט זיך ס'פּנים פון אָרום געביטן:
אַ קרישטאָל־קלאָרקייט
איז געקומען צו שווימען
פון בלויִיקן הימל
מיט שימער פון גאָלד,
און פון די פּאַלמעבײמער —
אַ דינער ניגון פון די צווײַגן
פון די שמאָלע בלעטער שאָלט.

נאָכן רעגן
די וואָלקנס שוועבן
און ווערן צערונען
אין זוניקן שטראָם.
אויף די געוואַשענע וועגן מיר פאָרן
אויף שפּיגלען צעהעלטע.
בלײַבן וועלן אין מײַן זכּרון,
פון אַ זומערוועלט די וואָכן
אינעם שטעטעלע, צעגרינט און צעבליט —
זיי וועלן פאַרבלײַבן
מער ווי אין איין ליד.

באָקאַ־ראַטאָן, פלאָרידע, 14טן יאַנואַר 1982

## אַ זומערטרוים

כ׳האָב ליב דעם אָטעם פון ווינט. זײַן פײַפן
האָט די בלעטער אויף די צווײַגן צעשראָקן,
און אַרום בוים, די שאָטנדיקע רייפן,
וואָס טוייִקע גראָזן זייַ פאַרדעקן.

בײַ נאַכט האָט געמבולט, פאַרפלייצט דעם אַרום מיט שרעק,
מײַן שטיבל געוואָלט האָט שוין שווימען...
פון מײַן שיפל, געררוט אַ שפּאַן פון ברעג,
אין דער פרי כ׳האָב דאָס שטריקל געפונען...

געווען איז מײַן מאָטאָר־שיפל מײַן צווייט בעט —
אין אַ זומערטרוים בענקט זיך נאָך אַ וויגל.
כ׳וועל דאָרט נישט מיד צו הערן וואָס די כוואַליע רעדט,
און מעסט מיט די אויגן די מעווישע פליגל.

אינעם שיפל, אָן אַ קאָמפּאָס, געווען בין איך דער קאַפּיטאַן,
אין אַ העמד, פון הייסע זונפעדעם גענייט.
ווײַט פון ברעג, דער הימל, אַ צווילינג צו דער בלויקייט פון ים,
נישט איין מאָל אַ שיף מיט קינאה האָט באַגלייט.

איצט איז שטיל. דער טײַך, אַ שכן פון ים, זיך צעשפּרייט:
פונעם מבול־רעגן בײַ נאַכט די בערג האָבן אים אָנגעטרונקען.
אין דמיון איך זע מײַן שיפל אין דער ווײַט —
מײַן זומערטרוים — אַ וויגל מיט זוניקע פונקען.

העמפּסטאָן־בעיס, ניו־יאָרק, 1974

## יאָרן זאָל דויערן

פאַראַן איז אַ שיינקייט וואָס שווער איז צו מאָלן:
איך ווייס נישט אויב מײַן פּען וועט עס באַוויַיזן.
וואָלקנס פון שנייבערג, ווי אויף צעוויגטע שאָלן,
ווערן צעשפּאָלטן, אַרום טיפע טאָלן זיי קרײַזן.

שיפן און שיפלעך שוועבן אָן פליגל.
גאָלדענע טרעפּוואָלקנס שווימען זיי אַנטקעגן.
ס׳גאַרטלט אַ פּאַס הימל דעם שקיעה־שפּיגל,
און ס׳הייבט פון אים פאַלן אַ פונקען־רעגן.

אַ טורעם אָן פענצטער אויף אַ בריק אָן שטאַנגען,
איך זע אויף אַ וואָלקן ריטמיש זיך וויגן.
געשליפענע שקיעה־פינגער קוים אים דערלאַנגען —
פורעמען אַ שורה לײַכטנדיקע שטיגן.

אַ קייט פלאַמצינגער וויקלען די בערגלעך ווי גאַרבן.
שנעלער ווי שניישטערן זיי ווערן צערונען.
ס׳מיניען זיך די קאָלירן, בראשיתדיקע רעגנבויגן־פאַרבן,
ווי דער זונראָד וואָלט געקאָלערט דעם ערשטן באַגינען.

אַ קאַראַוואַן הויקערדיקע קעמלען, ווי זיי וואָלטן אַ קוואַל געפונען,
בײַם וואָלקנקאָפּ מיט פאַרשפּיצטע, מגושמדיקע אויערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויב דער וווּנדער־צויבער פון דער שקיעה, מײַן זכרון, וועט דינען —
יעדע רגע בײַם שרײַבטיש יאָרן זאָל דויערן!

אָקטאָבער 1980

## דעם מאָרגן אַנטקעגן

אין טאָל, אַ פּאַסטעך מיט אַ סטאַדע,
פײַפט אַ ניגון — פאַר די גראָזן אַ באַלאַדע.

און איינזאַם ביימעלע — אַ גאָלדענער שירעם.
אינעם זוניקן גלי — אַ ליכטיקע צירונג.

אַרום די ביימער, מיט זונליכט פאַרגאָסן,
קײַען די שעפּסן די טויִיקע גראָזן.

די מיט ניגון־צעוויגטע צווײַגן,
צום ווינט־דיריגענט זיך פאַרנייגן.

ווײַסינקע פעדערן אויף בלעטלעך פאַרבליבן —
סימנים פון ליבשאַפט אויף בלעטלעך פאַרשריבן.

און פריידיק אויף די צעליכטיקטע וועגן
כ׳גיי דעם מאָרגן דעם נײַעם אַנטקעגן.

## אין זעלבן טאָג

עטלעכע שפּאַן פון די שנייווײַסע מירמלשטיין־טרעפּ
שמייכלט ס׳קלאָרע טײַכל,
ווי אַ האַלבער ראָד,
אַרומגערינגלט מיט בונטע בלומען.
דעם ווינטלם הייסע ליפּן
קושן די פלאַכע וואַסערקנייטשן,
ווו שווימענדיקע ווילדע קאַטשקעס טומלען.

אַ ליכטיקייט צעשפּיגלט דאָס וואַסער
און די גראָזן, ווי פוכיקע טעפּעכער.
מיך זעטיקט דער ניגון פון די צווײַגן,
פון די פּאַלמעביימער מיט גאָלדענע קרוינען.

דער קרישטאָל־בלויער הימל
און די שורות מילך־ווײַסע נידעריקע הײַזער
שימערן פאַר מײַנע אויגן.
שווייסטראָפּנס גליטשן זיך אַראָפּ
פון מײַן האַלבנאַקעטן גוף.
יעדער אָדער אין מיר איז וואַך
און דאָך — כ׳בין ווי אין שלאָף,
אין אַ זיסן חלום מיט אָפענע אויגן:

אָט ערשט, בלויז עטלעכע שעה,
און כ׳בין געווען אין ניו־יאָרק,
אין איר ווינטער פאַרקלעמט —
און איצט, בײַם הייסן פלאָרידע־ברעג,
צו שווער אויף מײַן גוף
איז מײַן זומערדיק העמד.

באָקאַ־ראַטאָן, פלאָרידע, 20סטן יאַנואַר 1982

## פון גרינקייט אַ ניגון

מיט אַנגעזאַפּטער קילקייט
אָטעמט די פריש־צעאַקערטע ערד
נאָכן פאַרטאָגיקן רעגן
וואָס האָט פון שלאָף מיך צעוועקט.
בײַם שוועל פון פאַרם־שטיבל,
נישט ווײַט פון קרישטאָל־קלאָרן טײַכל,
איך זאַפּ אײַן די שטילקייט, —
פון גרינקייט אַ ניגון,
וואָס כ׳האָב אין חלום געהערט.

אויף מײַן האַלב־נאַקעטן גוף
כ׳פיל אַ שפּאַציר פון וואַרעמע פינגער —
זוניקע פעדעם זיך שפּילן —
וועבן פאַר מיר אַ גאָלדן העמד.
כ׳בין ווי מיט יאָרן יינגער,
און גרייט אויף גראָז טאַנצן
מיט צעפליגלטע הענט.

# אַ חלום פון רו

דער מילכוועג באַקרוינט די יונגע לבנה.

די וואָלקנס זענען קלאָרע,
ווי געוועבטע פון זײַדענע האָר.
אַ ווינטל אַ מילדס,
וויגט זיי
מיט אַ ניגון אַ שטילן
אַראָפּ פון די רוישנדיקע פּאַלמעצווײַגן,
מיט בלעטער, ווי סטענגעס שמאָלע.

אויף די גאַסן, ברייטע, רחבֿותדיקע,
נישט איך שפּאַן אַליין:
עס באַגלייט מיך מײַן שאָטן
צו דער באַנק אויפֿן קאַרק
פון אַ ריזיקן שטיין.

און דער אַרום איז שטיל:
אַ חלום פון רו —
אויף פליגל אַ טרוים — —

באָקאַ־ראַטאָן, פלאָרידע, 25סטן יאַנואַר 1982

# צפת

דער מאָלערין פּ. מ. שליאַם־שולמאַן

אַ בילד אין אַ ראַם האָט צעלויכטן מײַן הויז.

דער אָטעם פון צפת צעטראָגט די ווענט:
אַ וואָלקן — אַ צעפּאָכעטער טלית, אויף בלאָ־ווײַסע פליגל.
אין שטיינוואַנט די בית־מדרש־טירן — באַקרוינטע ספר־תורות.
אַ ביימל, ווי אַ לולב, שטייט שמונה־עשׂרה —
בײַ די בערגטרעפּ מיט רעגנבויגן־קאָלירן.

פון דער מאָלערינס פּענדזל —
צעמאָלן גאָלד אויף יינגלס ציציות.
צום אָבות־לאַנד איר ליבשאַפט —
פולע לאָגלען בײַם שטיבל מיטן פּאָמעראַנצן־דעכל.
זי מאָלט די באַזונטע פענצטער
אין פאָרעם פון משהס לוחות.

איך זעטיק מײַנע אויגן
פון שטעטעלע מיט מקובלים —
און טיפער וויינט אין הארץ מיר
ווי אויף יענע שמאָלע געסלעך
ווו די שטויבעלעך
האָבן מײַנע סאַנדאַלן באַזילבערט.

ווי לאַנג צו לעבן ס׳איז מיר באַשערט,
וועט דער צויבער פון צפת מיך באַגלייטן.

## דער ווולקאַן — אַ מחבל

דער ריזיקער באַרג
מיט גליִענדיקע אָדערן אין האַרץ
האָט אויפגעריסן דעם פּיסק
און ברעכט פון די טיפעניש,
פּונעם אינגעווייד,
מיט אַטאָם־גבֿורה.

דער ווולקאַן — אַ מחבל,
וואָס טראָגט אויף פלאַמיקע פליגל
שוואַרצע רויכקנוילן צום הימל.

אינעם באַרגיקן דונערשטורעם
איז די זון, הינטער אַ וואָלקן,
מיט אַ פאַרחושכט פּנים,
גרייט צו ברענגען די נאַכטיקייט
מיט פאַרהויכטע שטערן־אויגן.

אַ סמאַליקער שטויב־מבול
האָט פאַרמישפּעט דעם אָרום.
די לאַווע —
אַ גליִענדיקער טויטשטראָם —
שלענגלט זיך צום טאָל.

פון מײַלן ווײַט
איך פיל די סמיקע לופט
און שפּיזלען אין די אויגן.

דאָס רעפּטל לבנה — אַ פאַרסאַזשעט אויער —
ווי געהערט וואָלט מײַן טראַכטן
אין דער נאַכט פון יאָרהונדערט — — —

## אויפֿן פֿאַרם

כ'האָב דערוואַכט אין באַגינען:
די הינער און די פֿייגל
האָבן פֿון שלאָף מיך צעוועקט.
צו דער זאַטער רו,
וואָס אין יעדן שפּאַן דאָ,
כ'האָב מײַנע אָרעמס געשטרעקט.

אַ פֿאַרגאַפּטער געקוקט אויף די ביימער
וואָס אָן אַ סימן פֿון נאַכטיקן געהיל
און אויף דער טויִקער לאָנקע —
אַ געוואַשענער שפּיגל.
פֿון די זוניקע פֿינגער —
אָדערלעך דינע —
וועבט זיך אַ קרוין פֿאַר מײַן טאָג.

## איך קום פון שטאָט

איך קום פון שטאָט,
פון איר גרילצנדיקן טומל,
ווו יעדער שפּאַן
איז ווי אַ רײַטערס גאַלאָפּ.
כ׳האָב געלאָזט איבער די טורעמס
דעם ברוגזן הימל,
וואָס אָן דעם צעלויכטענעם פּנים,
זיי דערמאָנען אין בערג
מיט געזונקענע קעפּ.

*

וואָלקנס קלאָרע
— ווײַסע שיפֿן —
שווימען אויפֿן הימל,
נאָר אין שטאָט
אַזאַ קרוינונג מיר פֿעלט.
איך בעט בײַ גאָט,
אַז אַפֿילו דורך מלאכים־פֿליגל
זאָל פֿאַר מיר נישט בלײַבן פֿאַרשטעלט
זײַן וווּנדערלעך באַשאַף.

העמפּטאָן בעיס, ניו־יאָרק, יולי 1982

## ווײַט פֿון שטאָט

**א**

איך בין אַנטלאָפֿן
פֿון דער שטאָטישער חמימה,
מיט וואָלקנס צעווילדעוועטע,
ווי צעלעכערטע בלעכן אויפֿן הימל
געטונקען אין זודיקן בלײַ.

עטלעכע טעג שוין
ווי דער ווינט,
מיט זײַנע צעפֿליגלטע פֿאָלעס
האָט ערגעץ-ווו פֿארלוירן
פֿון דער טורעמשטאָט דעם אדרעס.

ווער דאָרט אין שטאָט הײַנט,
מיט טעפּעכער אויף דילן נישט גרייט איז זיך צו שיידן,
צו שפּאַנען אויף אַ פּוכיקער לאָנקע,
ווי איך דאָ, אַ באָרוועסער,
אויף גראָז מיט פּערלדיקע טויען צעשימערט?

ווער וואָלט זיך אָפּגעזאָגט זײַן אַן עדות,
צו זען דאָס הימלשע פּנים, דעם צויבער,
און די אויפגעהויבענע ברעמען
פֿון דעם געבוירענעם באַגינען
מיט גינגאָלד באַקליידט?

די זון —
אַ מוטערלעכע ברוסט אַ פֿולע,
מיט זאַפֿט באַוואָרצלט
די קערנדלעך אין מאַמע-ערד
צו שפּראָצן און בליִען.

פון דער צעגרינטער לאָנקע —
זײַדפּעדעם אָן נאָדלען —
מײַנע פּיספּינגער לאָזן מיך פּילן דעם טעם,
ווי פון בינשטאָק וואַרעמער האָניק
זעטיקט מײַן ניכטערן גומען.

פון סעדער די ביימער, מיט גאָלדענע קרוינען,
דערציילן מיט זאַפט אויף די ליפּן:
פעלדער וועלן ווערן פון שפע שיכּור
און שײַערן שוואַנגערן מיט זאַטקייט.

דער הימל —
מיט בלויקייט פון ים,
און מיט וואָלקנס — ווײַסשוימיקע כוואַליעס.
דוכט זיך, כ׳זע זיי נידערן,
אויף די בערגקייטן — די ביימער צעוועקן.

ב
דער שמאָלער ציגל-קוימען
פונעם שטיבעלע מיט גראָז-באַוואַקסענע טרעפּלעך,
הייבט אָן אָטעמען מיט שלענגלעך רויך.

פון דעם פלאַכן ברונעם,
מיטן שטייַן, ווי אַ געשטופּלט פּלעצל,
די פאַרמערקע שעפּט קאַלטן וואַסערוווײַן.

אין קורניק קוואָקעט אַ הינדל,
ווי מיט קרעלן אין גאַרגל —
קוויקט זיך מיט אַן ערשט איי.

דער ריח פון צעמאָלענער קאַווע

שטראָמט פונעם צעפּראַלטן קיך־פענצטער,
וואָס וואַרט אויף צוויי שויבן.

פון דער שטאַל מיטן הויקער־דעכל,
פּאַלמעסט די לופט דער — „מאַ־אַ־אַ!"
ווי די קו וואָלט געמאָנט: קומט מעלקן מיך!

די פּעך־שוואַרצע קאַץ מיט די צעפינקלטע אויגן
שוועבט אַרויף אויפן צווייַגל מיט עפּעלעך:
דאָס פייגעלע איז אָבער פלינקער.

ג

אויפן פּיראַמיד־פּאַרעם־דעכל,
באַדעקט מיט מאָכיקע קנופּן,
ווי גרינע קעפּלעך פון שוואָמען
שמועסן די העל־ברוינע טויבן.
מיט צוויי פינגער אונטערן צונג
איך זאָג זיי „גוטמאָרגן!" —
ווי אין די יִינגל־יאָרן מייַנע,
אַ הונגעריקער אין שטעטל,
כ'פלעג „פּאַרבעטן"
צו מייַן טויבנשלאַק
ניעדזשעלסקיס דעם קייַלערס טויבן.

די טויבן הערן נישט מייַן באַגריסונג.
אַ קרוליק, מיט אַ ווייַסקייט פון פרישן שניי,
און פיסלעך, ווי געטונקען אין סמאַלע,
וואַקסט אוים פאַר מייַנע אויגן.
האָט מייַן פייַף אים צעשראָקן?
אַ שטרויעלע ציטערט אין זייַן שמאָל מויל.
די האָר פון די וואָנצעס — שיטערע נאָדלען.

ער קוקט אויף מיר פאַרחידושט,
פאַרשפּיצט שטײַף די אויערן
און — אַנטלויפט צום שײַער.

ד

אויפן פלאַכן שפּיגל־טײַכל,
מיט שורות געלע בלימלעך
אויף הויכע שטאַנגען
אין צווילינגגראָזן ווי לייטערלעך,
שווימט די מאַמע־קאַטשקע
מיט אַכט יונגע קינדער.
ווי די מאַמע, זיי פאַרזוכן
אויפן וואַסער די פליגעלעך.
דער האָן, מיט רויטע פעדערן,
אין געל־פאַררײסענעם עק,
מיט בייזקייט צווישן די הינער.
זײַן באָרדע־קאָליר־קאַם — זײַטיק,
פאַרשטעלט כּמעט זײַן לינק אויג.
ער קוקט מיט גיר, ווי די קאַטשקעלעך
מיט דער מאַמען פאַרויס
שווימען שוין צוריק.
דוכט זיך:
ער איז גרייט צעפּאַכען
זײַנע מענערישע פליגל.

ה

אַ סקריפּנדיקער מאָטאָר־קרעכץ,
ווי אַרויסצושלעפּן אַ שווערע משׂא
פון אַ טיפן זומפּ
האָט מײַן רויִקייט צעשניטן.

בײַם װעלדל, מיט די זקנים־בײמער,
װוּ אַ דונער האָט זיך אַ קבֿר געגראָבן,
האָט אַ משונהדיקער טראַקטאָר־בולדאָזער,
מיט אַן אױפֿגעריסענעם פּיסק און שטאָלצע צײן,
שטיקער געריסן פֿונעם באַרג
בײַם זיגזאַגישן שמאָלן װעג.

כ'בין שטײן געבליבן װי פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿער בלאָטע.
די רײזן־רעדער, אױף קאָלערדיקע שטאָל־טרעפּ,
האָבן מיך דערמאָנט אין אַ געפּאַנצערטן טאַנק
אױף נאָרמאַנדיעס בלוט־דורכגעװײקטע װעגן.

דער גרױל אין מיר — קײטן פֿון פּחד!
אַ „דאָפּל־בעג",[1] נעכטנס, װי הײסע קױלן
אױף מײַנע פּלײצעס.

דער העלישער פֿלאַם אױפֿן קאַנאַל
זאָגט קדיש נאָך געזונקענע שיפֿן,

פֿון די קאַמופֿלאַזשטע „פּיל־באָקסעס" —
מיט נאַצישע שלאַנגען מיט גיפֿט אין די הערצער,
באַגלײטן זײערע קױלן.

אױפֿן בערגל, בײַם שײדװעג,
דער סאָסנעבױם — אַן אָפּגעזונקטער האָן.

פֿון בױם דער ריח —
װי פֿון מאַרכבײנער אין זשאַר.

---

1 „דאָפּל־בעג" — אַ שמאָלער זאַק.

די לבנה, ווי אַ דאַשעק פון אַ בלאַס היטל,
גראַבט פאַר זיך אַ „פאַקס־האָל״ אין אַ וואָלקן־בערגל.
דער שטאָלהעלם פרעסט מײַן שאַרבן: —
„איז דער שליסל פון מײַן גורל
אין פּיסק פון גיהנום?״

קנוילן רויך — חופות אָן שטאַנגען —
באַגלייטן די סוואַסטיקע־פליגל.

ס׳וועט זײַן אַ נס, אויב
בלײַבן פון אונדז וועט אַ שפור.

אַ קוילן־האָגל
שרײַבט געשיכטע אין גריבער.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
און עס גריזשעט מיך מײַן זכרון.
אָן אַ ביקס און אָן אַ גאַז־מאַסקע
האָט ער מיך פאַרטראָגן
ווײַט,
ווײַט,
אַ, ווי ווײַט!



אָרום מײַן זומערשטיבל
פֿון די יונגע ביימלעך,
כ'בין מקנא די בלעטלעך
די שעפּטשענדיקע שטילע,
אין זייערע דינינקע אָדערלעך —
צויבערלעך פֿאַרבאָרגן.
מיט שפּראָץ פֿון באַגינען
כ'האָב געהערט זייער תּפֿילה,
געווען בײַ זייער מנין
אינעם בלאָען פֿרימאָרגן.

## פון ליכטיקע פעדעם

די שכינה רוט אויפן טאָג —
פון ליכטיקע פעדעם אַ קרוין.

וואָלקנס — ווײַסע לײַלעכער
מיט גרוסן פון טײַך.

די בלויקייט פונעם הימל
איז מיט טיפקייט פון ימען.

שטראַלן — זוניקע פעדעם
אין צעפּלעך אויף די צווײַגן.

פון ווינטלס וואַרעמע ליפּן
אַ שעפּטשענדיקער ניגון.

די ביימער צעגרינטע,
ווי חופּות אָן שטאַנגען,

און פֿאַרן כאָר די פייגל,
דער פרילינג — אַ דיריגענט.

איז מײַן געמיט אויפן שפּאַציר הײַנט
מיט טעם פון ווײַן אויפן גומען.

## אין אַ נײַ שטעטל

אַ שמאָל וואָלקנדל,
ווי פון אַ קלין צעשפּאָלטן,
שלענגלט זיך צום נידעריקן וואָלקן
וואָס שווימט מיט דער לבנה
אין אַ טײַך פון שטערן.

איך שפּאַן אַרום די צעגרינטע סקווערן,
אונטער די פּאַלמעבלעטער־סטענגעס,
די שטיבלעך אינעם טונקל —
זיצנדיקע ווײַסע בערן.

פון לאָמפּן־אויגן אין אויטאָמאָבילן
פליסן שטראָלן
און רײַסן אויף מיט העלקייט
דעם ברייטן שאָסיי.

מיט אָפענע אויגן
שלאָפט דער שמאָלער טײַך —
מיט אַ גאַרטל פון ביימלעך
און פון בלומען אַ שלל.

די לבנה, ווי אַ זילבערנער טעלער,
קאָלערט זיך איבער די קעפּ
פון די הויכע ביימער.

פון די פּוכיקע, טויִקע גראָזן
איך פיל אַ טעם פון פײַכטע ליפּן
אויף מײַנע פיספינגער.

דער אָטעם דער הייסער פֿון דער לופֿט
פֿאַר מײַן האַלב-נאַקעטן גוף —
אַ ווינט-צעפֿאָכעט העמד.

מײַן שאָטן באַגלייט מיך צום טײַך
ווי אַ נאַקעטער כ׳וועל שווימען —
און אים וועקן פֿון זײַן שלאָף.

דעלערי ביטש, פֿלאָרידע, 29סטן יאַנואַר 1982

## אַ חמימה

אין דער שטיקעניש, דער חמימה,
זענען פֿאַרשוווּנדן פֿון מײַנע אויגן
די אָרומיקע בערג,
און ס׳דרעמלדיקע פֿאַרמשטיבל,
איז נידעריקער געוואָרן.
דער אַלטער הונט, מיט געקרויזטער שעפּספּעל,
ליגט אויסגעצויגן בײַם שוועל
און אויף אונדז — די שטאָטישע געסט —
ער פֿוילט זיך אַ בליק אָפּצושפּאָרן.

אין דעם געדיכטן וואַלד
שווײַגן סודותדיק דיביימער,
ווי זייערע צווײַגן וואָלטן פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם
פֿאַר די סימנים פֿון שטורעם,
וואָס אָט־אָט קומט ער אָן.
נידעריקע וואָלקנס קנוילן זיך,
זוכן אויף די וועגן אַ רפֿואה,
ווי הערצער, צעקלעמטע אין יסורים.

אין דער נאָכמיטאָג־שעה,
בעת ס׳שלאָפֿן די לבֿנה און די שטערן,
האָט דעם טאָג פֿאַרשלייערט אַ נאַכטיק פּנים.
אין טײַך, דעם שמאָלן און קלאָרן,
מיר וועלן שוין נישט שווימען, זיך באָדן.
שווײַגנדיק אַהיים מיר פֿאָרן,
און די דונערס צעוועקן נישט
מײַן געמיט דעם שווערן.

יולי 1981

## נאָכן רעגן

פון די צעווייקטע וואָלקנס —
אָפּענע שליוזן,
די פֿאַרם־שטיבלעך אוןביימער —
ווי פֿון וואַסערפֿאַלן צעצוואָגן.

נאָכן רעגן
שוואַנגערט דער טײַך
מיט שקיעה אָנגעזויגן:
ער שווימט צום ברעג,
קושט די מאָכיקע שטיינער
און עס שלינגען די פֿיש
די ברעקלעך פֿון רעגנבויגן.

אויפֿן הימל
וויגן זיך ימיקע כוואַליעס.
אַ גרוילעכער וואָלקן, ווי אַ קעמל־קאַראַוואַן,
בײַם הימלראַנד ווערט אַנטרונען.

נידעריקער און שמעלער
ווערן די אַרומיקע באַרגשפּיצן:
פֿון די פֿאַרלאָשענע פֿעדעם־שטראַלן,
זיי וועבן אַ נאַכטיק העמד.

און איך, אַ פֿאַרגאַפֿטער,
בין צו די טרעפּ פֿון שטיבל
ווי אין אַ שלאָפֿלאָזן חלום צוגעשמידט:
אַ ווינטל אויף מײַנע ליפּן
שרײַבט שורות פֿאַר אַ ליד.

# אינהאַלט

## דער פּאַספּאָרט

## אַש אויף דער זון

## פון יענע טעג



## אין מײַן גאָרטן



## פונעם פולן בעכער

## נאָענט צו מײַן שוועל

## איך זוך

## ווײַט פון שטאָט

